# אין דיא שטורם טעג

# פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| אהרון | א תבואה הענדלער א יאָהר 65. |
| ח. ה | זיין פרוי אַ יאָהר 55. |
| ליבע (ליובאוו אראנאוונא | זייער טאָכטער. |
| סאלאמאן | א עקסטערניק. |
| סאשא | אַן אַרבייטער אין אַ דרוק. |
| סערגיי פּעטראָוויטש | אַ בוכהאַלטער אין אַ באַנק. |
| יאלאשין | אַ סוחר פון טיעפען רוסלאנד. |
| ראיסא | אַ שכן'ס אַ מיידיל. |
| גריגארי | א סאָציאַליסט רעוואָלוציאָנער. |
| גרונע | אַ דינסט ביי אהרון אין הויז. |
| לייזער | גרונעס „אַ בעקאַנטער". |
| ר' זלמן | א שדכן. |

פּלאטין — אַ גרויסע פּראָווינץ שטאָדט.

צייט — שפּעט אין פריהלינג.

# ערשטער אַקט

ביי אהרון אין הויז, אַ גרויסער צימער מיט שטאַרק אָפּגעניצטע ווייבע מעביל. אויף די פענסטער וואַזאָנעס, אויף די ווענט בילדער פון ר׳ יצחק אלחנן, משה מאָנטיפיאָרא, ד״ר הערצל און אַנדערע גרויסע מענשען, אויך בילדער לאַנשאַפטען־אויסגענעהטע. אויף אַ רונדען טיש מיט אַן אויסגעשטריקטע סערוועט, שטעהט אַ לאָמפּ מיט אַ גרינעם קאָלפּאַק, ניט ווייט פון דעם טיש געפינט זיך אַ גרויסער אלמער מיט ספרים. רעכט׳ס אַ טיהר וועלכע פיהרט אין די איבריגע צימערען און קיך. לינקס אַ טיהר צו אהרון׳ס שלאָפצימער. אין מיטען אַ טיהר מיט שווערע דונקעל גרינע פּאָרטיערען — פיהרט צו ליבע׳ס צימער. די פּאָרטיערע איז צונומען, ס׳זעהט זיך פון דאָרט אַ שפּיגעל אַ טישעל מיט „בעזדעלושקעס” אַ לאַנד־קאַרטע, אַ עטאַזשערקע מיט ביכער, און אַ פענסטער וואָס קוקט אַרויס אין אַ סאָד האַלב פערצויגען מיט טוליענע פאָרהאַנקס.

שבת נאָך וואַרמעס. חוה זיצט איינגעשלאָפען אָנגעשפּאַרט אָן׳ם טיש איבער׳ן צאנה וראנה די קאַסינקע האַלט ביים ארונטערפאַלען. די בריקען צרויפגערוקט אויפ׳ן שטערין.

פון שלאָף צימער הערט זיך אַ לאַנגער גענעץ און אַ זובען שיך מיט דיא פיס, אַביסעל שפּעטער — ווייזט זיך אהרון אויפ׳ן שוועל פון שלאָף צימער, שפּיליעט זיך די קאַמיזעלקע, קוקט מיט פערזשמורעטע אויגען, געהט צו לאַנגזאַם צו חוה׳ן ליגענדיג אַ האַנד אויף איהר אַקסיל: —

---

אהרון: — חוה? חוה! ג׳זעהן אביסעל? ט׳איינגעשלאָפען על התורה ועל העבודה, ניט געקענט זיך צושפּארען אין בעט א ווייל׳ע, חוה, זעה נאָר זעה, וויא דאָס הערט ניט נו, שטעה אויף.

חוה: (פערשלאָפען: — וויא מען לאָזט עס ניט רוהען, שטעה אויף, שטעה אויף, וואָס שטעה אויף?!

אהרון: — שטעה אויף... שלאָפען...

חוה: — שטעה אויף שלאָפען! דאָס האָט זיך שוין אויסגעשלאָפען לאָזט עס דעם אַנדערן ניט רוהען. געה, שלעפּ מיר ניט אַרונטער דיא קאַסינקע (ער שנעלט איהר אין נאָז) שפּילינקען האָט זיך גאָר עם פאַרוואָלט, וועסט אויפהערען צו ניט, אַז דאָס טשעפּעט זיך צו אָט וויא אַ קלעק...

אהרן: — ש־ש־ש־אַ־אַ ט'זיך שוין אויפגעכאַפּט... היים בעסער דערלאַנגען אַ גלעזיל טהיי, פון טשאָלינט איז פּאַסקודנע אין מויל נאָכ'ן שלאָף. היים דערלאַנגען מיט מאַליענעם סאָק.

חוה. — מאַליענעם סאָק איז פאַר קריינקע, וועסט פאַרדייען, ניש־קשה, מיט ציטרין, היים גרונען אַרויסנעמען דעם הליאַק פון גייוען.

אהרון (געהט צום קיך טיהר, רופט:): — גרונע? גרונע!... ניטאָ זיא דאָרט, וואו קען זיא זיין?

חוה: — מסתמא'ן אוועק אויף אַ סאַבראַניע.

אהרון: — אַללע ווילע „סביראַניעס" מעהר ווי דאָס פעהלט אונז ניט..

חוה: — די שיקסע מיט איהרע סאָלדאַטען געפעלען דיר בעסער?

אהרון: — פּ־ס־ס־ס אן אַ מענשען קען מען גאָר ניט אויסקומען גמ.. געוויכ אַז דיא טאָכטער איז אַ גיבולבעטע פריילין, אַ גאַנצע פילאָזאָפקע, ביי לייטען וואָלטען אויסקומען אָן דינסטען...

חוה: — ביי לייטען... קריכען אָפּ די זייטען, און ביי דיר זיינעז זיי גאַנץ. גוט? געה זעה בעסער וואו ליבע איז, וועט זי געבען טעה.

אהרון (קוקט אַריין אין ליבע'ס צימער): — ניטאָ, מען לאָזט עס אַ הויז אויף הפקר און אליין ווערט מען נעלים, ווי־זי, אויף אַ „סביראַניע" אויכעט?

חוה: — מסתמא'ן אין סאָד, מוז לעזען.

אהרון: — מוז לעזען!...

חוה: — זעה נאָר ס'אַרא שעהנער דו ביזט ווען דו פערקרימסט זיך (לאַכט) דאַרפסט גאָר ניט מאַכען קיין גלייכע צורה...

אהרון: — לאַכינקעט, ס'טוהט איהר הנאה וואָס די טאָכטער — ליגט יום ולילה איבער די ביכלאַך, ביזט איהר גוט מדריך ניטאָ וואָס צו ריידען! וואַרט, וואַרט, פון די ביכלאַך מיט די ימח

שמוניקעס, מיט'ן „רזיבאטשירין“ וועט קיין גוטס ניט ארויס־קומען...

חוה: — נו, זיי איהר רו מדריך בעסער... ביזט דאָך א טאטע, ניין? ווייסט נאָר ווי צו קאָמאַנדעווען ווען ס'איז פּאסקודנע אין מויל...

אהרון: — טוט איין זאַך און שלינגט ביכלאַך, ווער ווייס פון וואַנען זי נעהמט זיי? איז אין הויז ווי א פרעמדע, א גאַסט! און ז'ער זאָל דאָס גאָר פריווען ארעו...

חוה: — שבת אויף דער וועלט? ער האָט זיך שוין געגומען, וואו ביזטו פרעג איך? ביזט געקומען פון מרחקים און דערזעהן איך האָב דיר אויסגעהאָדעוועט א טאָכטער א קאַליקע? זי לייענט, זי קוקט, זי רעדט, זי שטעהט, זי געהט — שלעכט! זאָל זי זיך אפשר יעצען מיט דיר פערברייננגען? אָדער זאָל איך זי בעהאַלטען אונטער'ן פאַרטוך? שוין אוועק די צייטען, מען שרייט שוין פון אַלע קאַטוכעס „סוואָבאָדא“ ביזט אליין אויף געלאָפען מיט אַלע ווייסע חברה'ניקעס־כאַפּען קאָנסטיטוציעס מ'האָט גוט נעגעבען?....

עס הערען זיך טריט, אַ הוסטען. ס'קומט אַריין ר' זלמן שדכן, אַ בלאַסער אויסגעמאָגערטער איד, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ, מיט שאַרפע אויגען וועלכע קוקען דורך די געדיכטע ברעמען פון אונטען אַרויף.

ר' זלמן: — גוט שבת אייך! (הוסט).

אהרון: — גוט שבת, גוט יאָהר!

חוה: — גוט שבת, גוט שבת, זיצט, וואָס גוט'ס וועט איהר זאָגען?

ר' זלמן: — אָי, מיין אָטהעם, ניט פאַר אייך געדאַכט, פאַרכאַפּט מיר, א פע, ניטאָ אמאָליגע יאָהרען, (הוסט, נעהמט פאַנאַנדער זיין סורדעט, זעצט זיך פאַרזיכטיג) אָט אַזוי לויפט מען דאָס אַרום, ערשט אריין און שוין ווייטער לויפען... ווייסט איהר וואָס איך בין אייך געקומען אָנזאָגען? דעו איז דאָ... אָט טאקע דער וואָס מיר האָבען לייגגער גערעדט, ער אליין, דער קופּיעץ, א קופּיעץ זאָג איך אייך און... גאָר! מאַכט זיך דאָ פאַרטיג, איך לויף גלייך איהם אָנזאָגען דאָס מען וואַרט אויף איהם (שטעהט אויף פון שטול).

חוה: — וואָס עפּעס כאַפּענעס, גילטענעס...

אַהרון: — כ'ווייס? א בהלה — די טַיך ברענט. —

ר׳ זלמן: — איהר רערט דאָך גאָר, כ׳בעט איך צו פערצייען, ווי קינ־
דער, וואָס הייסט? ער איז דאָך אַ מענש אַ פערנומענער, מיט
געשעפט איז ער דאָך, צו וואָס די הכנות? — וואָס מעהר מען —
וואָרט, אַלץ מעהר דאַרף מען דערלייגען צום נדן (הוסט און לאַכט)
אזא יאָהר מיר ס׳אַראַ טאָכטער איהר פערמאָגט, א יפת תואר,
אַ וואויל קענעוודיגע, אַ היינטיג׳ס, א בוים! מי מעג זיא נעמען
ווי זי שטעהט און געהט (הוסט) איז הערט־זשע, מאַכט זיך פאַר־
טיג, און איהר ר׳ אהרון, ניט נעהמט זיך קלאָגען אויף די שלעכ־
טע צייטען, על הכל עת; אויף אַלץ איז אַ צייט... אַ פריהער לאָזט
מען זיך געפּעלען ווערען און דערנאָך רעדט מען שוין פון פרטים
(צו חוה׳ן) איהר ווייסט דאָך, מען דאַרף איך ניט לערנען, געה
איך, הייסט עס, האָט מיר אַ גוטען... (געהט צום טיהר).

חוה: — איהר, ר׳ זלמן, וועט מעהר ניט זיין היינט?

ר׳ זלמן: — גאָט בעוואַר! איך טאָר זיך ניט ווייזען, איהר דאַרפט
גאָר פאַר זיי מיין נאָמען ניט דערמאָנען, איהר דאַרפט איהם
פאַר איהר פאָרשטעלען דאָס ער איז געקומען צו אייך מכח גע־
שעפט, איהר פערשטעהט?... איך וועל שוין קומען צו אַלעם
פאַרטיגען...

הוה: — ביי אייך ווערט עס גיך פאַרטיג...

ר׳ זלמן: — וואָס רען? קומט דער בעשערטער — ווערט אין צוויי
ווערטער. נו, וואָס וועל איך דאָ אַ פולע ברייען? כ׳האָב נאָך טוי־
זענד גאַנגען, אַ גוטען שבת!

אהרן: — אַ גוטען שבת, אַ גוט יאָהר!

חוה: — געהט געזונטערהייט! (שדכן אָפּ).

אהרון: — נו, מחותנסטע מיינע? געה זוך אויף די כלה, יענע וועט
דערהערען א חתן, וועט זיין „ניע פּאַדכאַדי“!

חוה: — מ׳וואָלט בעדאַרפט אייפראָמען אַביסעל, גרונע זאַמט זיך
אַזוי...

אהרון: — שטעהט געוויס ערגעץ מיט איהר „ביקאַנטען“ און
פיהרט אַ וכוח מכח קאַרל ס׳מארק׳ס׳ן, וועט קומען אַוודאי אין האַל־
בע נאַכט און... אַ גלעזיל טעה וועט ניט זיין ווער עס זאָל
דערלאַנגען.

חוה. — געגוג זאָל שוין זיין מיט דער גלעזיל טעה, באלד וועט מען מעגען שטעלען דעם סאַמאָוואַר, פון הליאַק וועסטו סיי ווי סיי פיהלען א טעם פון א זויער'ן בוריק, נעהם בעסער טו זיך אָן ווי אַ מענש, שפּאַצירט ארום ווי אַ גראַף אין פּאַנטאָפיל, אַ צו־פּודעלטער ! . . .

אהרון : — ס'געפעלט דיר ניט, האָסט אפשר חרטה אויפ'ן שדוך ? זוך זיך אַ שענערען (ברוגיז'דיג) ווי א גראַף אין פּאַנטאָפיל, א צופּודעלטער. (ער טהוט זיך אָן אַ סורדוט געהט צום עס־צימער מיט כעס) — איך געה דאַווגען מנחה !

חוה (קוקט אַרויס אין פענסטער) : — שאַ אָן געהט גרונע, (מאַכט מיט'ן האַנד) גיכער ! קוים וואָס דאָס בייט די פּיס...

(אין הויז קומט אַריין אַ ניעדעריגע פעסט געבויטע מיידיל, מיט גלאַט פערקעמטע האָר, טראָגט אַ דונקעל רויטע קליידיל, אַ גראָען מאַנ־טעלע, אַ רויטע היטעלע מיט אַ שוואַרצען באַנד אַרום, טופּעט שטאַרק, רעדט הויך, נאָך פון יענער זייט טיהר).

גרונע : — נו, געזאמט זיך ? מי'ט אודאי געוואָלט טעה, איהר האָט געשלאָפען ?

חוה : — דו זאמסט זיך דאָך קיין מאָל ניט ! . . (זאָגט איהר עפּעס שטיל, דערנאָך העכער) : פערשטעהסטו, מאך עם שנעלער, וועסט כאַפּען נאַטשיי.

גרונע : — זיא ווייס שוין ?

חוה. — ניין, איך וועל איהר זאָגען (פאַר זיך) שטעה, וואָס טהוט מען זיך אָן ? די שוואַרצע קלייד ? (צו גרונען) מאך דאָס שנעלער. (אָפּ)

גרונע (נעמט צו שטעלען דיא שטולען, בלייבט שטיין געגען שפּיגעל, נעמט אַ פּאָזע ווי צו האַלטען אַ רעדע): „שוועסטער און ברידער ! די קאַנאָמישע אומשטענדינגס ביין יעצטיגען מאָמענט הייסען אונז קעמפען מיט זעלבסטהערשונג. ס'לעבע דער ראַבאָטשער קלאַס, פּאָליטאַריאַט פון בונט ! (זינגט פיליענדיג די מעבעל):

„אָי שוועסטער און ברידער.
אָי, נעמט זיך פאַר דיא הענט —
אָי נאָמיר צורייסען די אייזערנע ווענט ! . . .

— (אין טיהר פון עס־צימער ווייזט זיך ליבע, אַ הויכע שלאַנקע פיגור אין אַ דונקעל ברוינע קלייד מיט אַ ווייסען קראַגעלע, די שוואַר־

צע גרויסע האָר פערפלאָכטען און פערלייגט אַרום קאָפּ. האַלט אַ בוך קוקט א ווײילע אָן גרונען, וויל ווי עפּעס פרעגען, האַלט זיך צוריק און פערשווינדט הינטער די פּאַרטיערען, פערציהענדיג זיי נאָך זיך). —

חוה (קומט אַריין, בעטראַכט זיך אין שפּיגעל, פעררוכט די פּערל אויס'ן האַלדז: — נו, איך בין שוין פאַרטיג, איצט וועל איך געהן זעהן ליבען.

ליבע (ווייזט זיך): — מאמע, דו דאַרפסט מיך?

חוה. — זעה נאָר, זעה, פון וואַנען האָסטו זיך גענומען? ווי ווערט מען דאָס ניט געוואָר אין שטוב א גאַנצען טאָג, מען זוכט און מען ווארט...

ליבע: — צו וואָס?... (צו גרונען) וואָס פאַר געלע לאַטעס שפּי־ליעט איהר דאָס אויף דיא מעביל?

גרונע: — הא? סערוועטלאך, כ'פאַרשטעל די ערטער וואו ס'אגים־מארעט.

ליבע: — דאָס איז איין אײנפאַל... (שמייכעלט).

חוה: — וואַרט אויס, גרונע, (צו ליבען) גיב איהר דיא טישעכאָלען, דאָס וועט אויסקוקען בעסער (העכער צו ליבען וועלכע קוקט זי אָן פראַגענד) די טשעכאַלען גיב איהר, זאָג איך.

ליבע (ברייננענדיג די טישעכאַלען פון עס־צימער, געבענדיג גרונען):— ביי לייטען אז מען וויל מאַכען שעהן, נעהמט מען עס אַראָפּ. ביי אונז — טהוט מען דאָס אָן...

אהרון (אויס'ן שוועל פון עס־צימער): — ניט געפעלען שוין דיא „אפּסטאַנאַפּקע?“ באַלד וועט ניט געפעלען זיין טאַטע־מאַמע, אויף זיי דאַרף מען שוין אויך באַלד טשעכאַלין...

ליבע: — עס הייבט זיך שוין אָן... (וויל געהן צו זיך).

חוה: — אנטלויף נאָר ניט... נעם טו זיך אָן...

ליבע: — צוליעב וואָס פאַר א שמחה, איך טאָר ניט וויסען?

חוה: — דער איז דאָ געוועזן... עס קומט דער.. וועגען וועלכען מ'האָט לייננער גערעדט.

ליבע: — ווער?

חוה: — א מענש, א מעניש קומט, א קוק טאָן אויף מיין נחת רוח קומט ער!...

אהרון: — א בער, א בער, א מאָ קומט...

ליבע: — א... א חתן?...

חוה: — אז ס'וועט בעשערט זיין וועט עס זיין א חתן. (ליבע אָפּ צו זיך)

אהרון: — זעהסטו ווי זי קוקט? „ני פאדכאדי!“ דיין ארוקאציע...

חוה (צו ליבען וועלכע קומט אריין אָנגעטהאָן צו געהן אין גאַס): וואוהין געסטו? אללע צרות צו מיינע שונאים'שע קעפּ, וואוהין ווילסטו געהן, פרעג איך?!...

ליבע: — איך האָב צוגעזאָגט זיין אין א פלאַטץ.

חוה: — ליבע, דו וועסט דאָך ניט אָנשפּייען גלאַט אַ מענשען אין פנים?

ליבע: — איך האָב מיט דעם מענשען גאָר נישט צו טאָן.

אהרון: — אָט וועלען מיר זעהן ווער ס'וועט דאָ אויספירען...

חוה: — דו בעסער קאַם פאַנאַנדער דיין באָרד און נעהם א ספר איי האנד (צו ליבען, ווייך) ווייסטו וואָס, וועסט זיך מיט איהם פריי־ הער בעגעגענען, דערנאָך געהן, עס מיר ניט מיין הארץ (ליבע האַסטיג אָפּ, צו זיך) טו זיך איבער! הערסטו? ליבע!

אהרון: — אָט וועט זיא זיך דוקא ניט איבערטהאָן.

חוה: — מיט וועמען רייצסטו זיך (שטילער) מיינסט זיא איז ניט נערעכט וואָס? אז מען רעדט א שידוך פרעגט מען פריהער גוט נאָך, ניט מען הייסט פלוצלינג קומען! —

אהרון: — איך האָב געהייסען? און וואו ביזטו געוועזן?

חוה: — גרונע, ביזט שוין דאָ פאַרטיג, געה מאַך אַ שטיקעל „פּאָריאַ־ דאַק“ אין פריכאָזשע“, אַ מענש קומט און דאָרט איז פינסטער ווי אין א טיורמע. —

גרונע: — אָי, דאָרטען איז אָנגעהראַמאַשזעט איך'ל בעסער ארויס צולייכטען...

חוה: — ניין, זיי טאקע מוחל, נעהם דעם בעזים, נעהם זיך!

גרונע (גייענדיג מיט'ן בעזים): — „אָי מיר גייען אַרויס אף מינים־ טראַציע, מיט דער פאָנע דער רייטער אין האנט, אין האַנט!“

אהרון: — זי'ט דאָרט אָנמאַכען א פיל אז ס'וועט איהם פינסטער ווערען אין די אויגען...

חוה: — גרונע! בעשפּריטץ!

גרונע: — רעכט! (זינגט ווייטער) „מיר זענען געשאָסען געהאָנגען“!?

אהרון: — נ־נו, פעשניעס! — (פאנאנדערקאמענדיג מיט דיא פינגער זיין באָרד) זעהסט נאָר וויפיעל גראָע האָר? ביי דיר זיינען נאָך די האָר ניט אזוי שיוו.

חוה: — אפשר ווייניגער צרות געהאט פון דיר? געוויס. דו האָסט דאָך געהאט קינדער, זיי אויסגעהאָדעוועט...

אהרון: — זיך ווייניג אויסגעליטען פון דיין קאפעליע... און ווינ־ציג האָט מען פון זיי איצט, פון די אויסגעגעבענע, עס ארט זיי א סך פאר אונז, פ־ס־ס־ס. —

חוה: — אזוי ווי דיך אַרט פאר זיי, סטאַרעסט זיך דאָך נאָר אַראָפּ־פּטר'ן פון זיך א יאָך, פערזאָרגט זיי וועלטען! מיינסט זיי זיינען ניט גערעכט וואָס זיי פרעגען — צו וואָס האָט מען זיי געהאט?

אהרון: — איך וואָלט וועלען הערען וואָס זיי וועלען ענטפערען ייערע קינדער אויף אזא קשיא!

חוה: — וואָלסט וועלען! אַללע מאָל וואָלסטו וועלען עפּעס וואָס איז ווייט צו דאַלאַנגען...

אהרון: — למשל כרומה, ריך, גערדיינקסטו?...

חוה: — טפוי, מען קען מיט דיר ריידען ווי מיט א מענשען, וואָס?

אהרון: — געוויס, וואָרט נור מיר וועלען אויסגעבען אונזער פּי־קאָזאָפּקע בלייבען דיעד דאַ באַבאַ, וועלען מיר נעמען דעם פעקיל אויפ'ן פּלייצע און אַוועק קיין ארץ ישראל. עפּעס כלאַפּאָטיעט מען דאָך פון אונזערט'וועגען, זיי וועלען, זאָגען זיי, זיך איספּראַ־ווען פריהער פאר משיח'ן. מילא, זאָלען זיי... מיר וועלען דאָרט לעבען ביז מען וועט אונז אָנטהאָן טשעכאלין.. און אונז וועט פערשפּאָרט זיין צו געהן כף־הקלע ווען דער שופר של משיח וועט בלאָזען.

חוה. — ש־א־אַ־ ער האָט זיך צורעדט... מען געהט דוכט זיך (הערען זיך צו) מען געהט.

אהרון (צום מיר וואו ס'ווייזט זיך א עלעגאַנט געקליידעטער מאַן — אַ יאָהר 35, בעגלייט פון גרונען): — א, איך האָב דוכט זיך די עהרע צו ריידען מיט...

גאלאשין: — גאַלאַשין, אַ גאַסט אין אייער שטאָדט, איהר זייט מיר גוט־בעקאַנט האָטיאַ איך האָב אייך נאָך ניט געהאַט די עהרע צו זעהן... אין דער סוחר'שער וועלט איז געווג אז מען הערט...

א ה ר ו ן: — איך האָב פון אייערטוועגען אויך געהערט א סך... גוטעס.

ג א ל א ש י ן (מיט אַ שמייכעל): — פיליכט... פון אַזעלכען, וועלכען מען מעג אַמאָל ניט אַלץ גְלייבען? . . .

ח ו ה: — נו, זיי ריידען זיך אַמאָל אויך אַרויס אַן אמת... זיצט, זייט אונזער גאַסט, דערצעהלט פון די גרויסע שטעדט, מיר לעבען דאָך דאָ ווי אין א דאָרף.

ג א ל א ש י ן: — יע? פּאַלאָשזים, אין סאמ'ן צענטער קאָכט דאָ אויך געגוג, וואָס כ'האָב זיך דאָ אָנגעהערט! אַרעסטען, פּאָגראָמען, באָמבעס, איהר האָט אַ שלעכטען גובערנאַטאָר.

א ה ר ו ן: — יע, ס'טומעלט, און וואו איז שטיל? און אז ס'איז שטיל איז שטיל ביז עס ברעכט אויס א פייער, מען איז שוין געוויינט דערצו...

ח ו ה: — מיט צרות איז אזוי אָדער מי ווערט געוויינט אָדער ס'קומט זיך איבער.

א ה ר ו ן: — יע, יע, (זיפצט שווער) אָנגעשטאַנען צייטען, שלעכטע צייטען!

ח ו ה: — רעדט בעסער פון פריילכערע זאכען. איך הייס שוין דער־לאַנגען טהעע (בלייבט שטיין געגען ליבעס צימער) ליבע, גיב מיר, טאָכטער, דיין שאַל, ס'איז מיר עפּעס אזוי ווי קאַלטליך. (ליבע וויזט זיך מיט אַ שאַל אין האַנד, חוה געהט ניט צו נעמען, ליבע טרעט ארויס עטוואָס מעהר, אָנגעטאָן די זעלבע ווי פריער, גיט דעם שאַל וויל געהן צוריק).

א ה ר ו ן: — דאָס איז מיין טאָכטער, כ'קען פאָרשטעלען... ליבע, קום נאָר אַהער...

ג א ל א ש י ן (לויפט צו ליבען פערנייגט זיך): — גאלאשין, ערשט גע־קומען פון די ווייטע קאַלטע לענדער (ער שטרעקט אויס די האַנד, זי גיט איהרע ווי געצוואונגען חוה קוקט זיי אָן גוטמוטהיג, געהט אַוועק אין קיך).

א ה ר ו ן: — נו, ענטשולדיגט, מיין טאָכטער וועט שוין אייך פער־נעמען, איך וויל זעהן דעם מענשען ער זאָל צוגרייטען די ביכער מיט די חשבונות פון א גאַנץ וואָך (צו ליבען) הערר גאלאשין איז דאָ געקומען צוליעב מסחר, עס קען זיין — מיר זאָלען אמאָל מאַכען שותפות...

גאלאשין: — גאַנץ מעגליך, גאַנץ מעגליך (אהרון אָפּ — גאלאשין צו ליבען וועלכע קוקט אויף איהר זייגעריל) פיליכט... שטער איך אייך אין עפּעס, — ליב. — ליובאָוו אראנאָוונא? אזוי איז, אייער ווערטהער נאָמען?

ליבע: — יע... איהר דיינקט דאָ לאַנג צו פערזאמען?...

גאלאשין: — וויפיעל די געשעפטען וועלען ערלויבען... איהר ווייסט, ליובאָוו אראנאָוונאַ, איך קען מיך גאָר ניט אָפּקוקען פון די אויסגענעהטע בילדער, ביי אונז אין ראַסיעיע זעהט מען עס ניט איך וויל טרעפען, איהר האָט עס אויסגענעהט... געטראָפען?

ליבע: — געטראָפען...

גאלאשין: — וואָס פיר שעהנע בילדער איהר שאפט אין דער פּראָווינץ! די צייט ערלויבט...

ליבע: — איך האָב עס שוין לאַנג „געשאפען“ ווען איך בין נאָך געוועזן א קליינע.

גאלאשין: — איך גלויב אז דאָס איז געוועזן גאָר ניט לאַנג....

ליבע (טרוקען): — זעהר לאַנג.

גאלאשין: — יעצט וואָלט איהר קענען שאפען שענערע בילדער, בעסערע?...

ליבע: — קיין ערגערע אויך ניט...

גאלאשין: — ס'איז דאָ געוויס א ווילען צו שאפען וויכטיגע לע־בעדיגע בילדער, וועלכע זאָלען דינען אלס מוסטער פאַר דער גאַנצער מענשהייט, בילדער אויפ'ן קאַנווע פון לעבען...

ליבע: — אויפ'ן קאַנווע פון לעבען... (קוקט אים אָן ווי פערוואונדערט, דערזעהט זיין צופריעדענעם שמייכעל אויף זיין גלאַט געראַזירטען גע־זיכט און אַ איראָנישער שמייכעל ווייזט זיך אויף איהרע ליפּען) — זער לינקער זייט זאָל זיין אין קניפּלען... פּלאָנטערס, נאָר דער רעכטער גלאַט, שעהן. יע... ווען מען אַרט דאָס וואָס ס'איז פער־באָרגען!...

גאלאשין: — איך מוז דאָ אָפּט זיין זעהר אונמוטהיג, איהר וואָלט בעדאַרפט זיין אין א גרויסער שטאָדט, אין ראַססיעיע, בעזוכען אָפּט קאָנצערטען, בעלער, גוליאַניעס... אומבייטען דעם פּלאַטץ!

ליבע: — אזוי, ס'איז גענוג אומצובייטען דעם פּלאַטץ ווערט שוין... בעסער?... (זיא געהט אָב אין אַ זייט פון איהם).

חוה (צו גרונען וועלכע טראָגט אַ טאַץ מיט כבוד): — זיי פאַרזיכטיג. נו, נו, נו גוט. (צו גאלאשין) איהר וועט זיך געוויס ניט ענטזאגען צו געניסען עטוואָס, פאַרזוכט אונזערע וואַרעניעס פון'ם אייגענעם סאָד.

גאלאשין: — יע? איהר האָט א סאָד?

חוה: — אָט פרעגט זיא, (ציינט אויף ליבען) זי שטענדיג, לעזט דאָרט, שפּאַציערט, טראַכט און כ'וויים וואָס?

גאלאשין: — מעג מען וויסען וואָס... איהר טראַכט?...

ליבע: — דאָס בלייבט א סוד אפילו פאר'ן סאָד...

חוה: — נעהט טרעפט וואָס הייגטיגע קינדער טראַכטען, דאָס איז א מין, ווי רופט מען דאָס?... קאָנספּיראַטציע!..

אהרון (ארייגקומענדיג אויף די רייד): — וואָס זאָגט איהר, הערו גאלאשין, צו מיין אָלטער? זי וויים שוין אויך פון זייערע דריי־גראָשנדיגע נעמען... אַ וועלט, הא? (זעצענדיג זיך צום טיש) ווען א אידענע וואָלט געמעגט זיין אַ מיניסטער, וואָלט עס מיינע גע־מעגט זיין... און זיא, זיא (אויף ליבען) קען אויך זיין אַ...

ליבע: — שנא למלך...

גאלאשין: — דאָס הייסט... (לאַכט) ניט קיין גוטער פריינד?..

אהרון (צופרידען): — מי שמייסט, אי שמייסט מען הייגט פאר אזעלכע חכמות!...

חוה: — ער וויים שוין וואָס מען טהוט... דערציילט אקאָרשט פון לויפען כאפּען קאָנסטיטוציעס...

גאלאשין: — וואָס איז דען געשעהן דאָן?

אהרון: — כ'וויים וואָס זי רעדט... גאָר נישט, עט נו, נעמט בייסט בעסער צו, די טהעע ווערט קאַלט.

גאלאשין: — דאנקע, דאַנקע. אזוי... איז עס געוועזן טומעלדיג.

חוה. — אַלץ הייסט געוועזן! (ווייזט אויף ליבען) זיא האָט מען ארעסטירט. דאָס איז נאָך געוועזן א גליק; די פריי ע האָט מען געשאָסען אויפ'ן אָרט, וויפיעל שרעק, אומגליקען, א קויל וואָלט שוין טאקע געמעגט כאַפּען אונזער גובערנאטער!

אהרון: — ס'איז נאָך א גליק וואָס איך בין בעקאַנט מיט דער פּאָליציי, כ'קום צו איינעם פון זיי, זאָגט ער מיר, בראַטיעז, אז

מען האָט קינדער דאַרף מען זיי וויסען ווי צו האַלטען, און אַז — זיי פּאַפּאַדיען זיך — דאַרף מען וויסען ווי אַרויסצונעמען... מען דאַרף האָבען סמעקאַלקע... נעהם איך און דערלאַנג איהם אַ צענעריל זאָגט ער, „וואַרט, עס וועט שוין זיין גוט, דערנאָך געה איך צו איהם און געה, געה און געה...

חוה: — ביז מען הייסט איהם געהן ווייטער.

אהרן: — וואַרט, לאָז מיך געהן כסדר, ועסטו איבערשלאָגען — וועל איך אָנהייבען פון אָנהויב.

חוה. —און ניט קומען צום סוף? דו בעסער דערצעהל פון מיטען! (לאַכט).

אהרן: — פון אַלץ מאַכט זי אייך אַ געלעכטער.

חוה: — וואָס־זשע וויינען? מילא, עס מאַכט זיך, עלטערע פון דיר שמייסט מען ביי היינטיגע צייטען... איך זאָג איהם ראַמאָלסט „אהרון, פאָלג מיך, זיץ אין דער היים, ס'וועט אָן דיר אויך זיין אַ פאַראַד“, זאָגט ער: „אָט נעהם בעסער טוה זיך אָן און קום אויך“. בקיצור, איך בין ניט געגאַנגען. דערנאָך, איך וואַרט אויף איהם — ניטאָ. איך וואַרט, וואַרט, וואַרט און וואַרט, ערשט — ער קומט (לאַכט) ווי אָן אָפּגעשמיסענער „הערסטו, זאָגט ער, חוה, אויף דער עלטער געכאַפּט אַ חלק!“... חא־חא־חאַ!

אהרן: — חאָטש טהוט איהר עפּעס, איך זאָג איהר די קאָזאַקען מיט די נאַגאַיקעס אין גאַס, און זי — ניין, דוקא אין איטשאַסטאָק האָט מען מיך געשמיסען...

חוה: — ניט אין איטשאַסטאָק און ניט אין גאַס חא־חא־חא! — (אַלע לאַכען אייגגעהאַלטען, חוה אָנגוויזענדיג אויף גרונען וועלכע שטעהט אין טיהר דיא הענד אַ הינטער זיך) גרונע, דערצעהל גרונע פון דיין זאַך...

גרונע: — וואָס'צודערצעהלען אַז איך וואָלט ניט געגאַנגען מיט דער „מיניסטראַטציע“ וואָלט'ן מיך ניט געשלעפּט קיין איטשאַסטאָק.

גאלאשין: — מען האָט אייך דאָרט... געשלאָגען?

גרונע: — גאָר אַ נייעס! מעהר נישט די גראַדאַוויעס האָבען מיך געשטופּט דער אהער, דער אהין, און די נאַטשאַלסטווע האָט־צאָך מיר געהייסען אונטערשרייבען.

גאלאשין: — אונטערשרייבען?

גרונע: — יע, מיין „פּאטשעראַק“ האָבען זיי געוואָלט זעהן, האָב איך געוויזען האָבען זיי דאָס פּאַרפּאַטשקעט און געהייסען ניט מאַכען זיך געפּגר'ט און שרייבען גוט. נעהם איך, און שרייב ייך אונטער נאָך אַמאָל איז ארויסגעקומען פּונקט די זעלבע זאַך ווי אַ פריער, זיינען זיי געוואָרען אין כעס און אַוועקגעשטופּט מיט די שאַשקעס צום טיהר, געשריען „פּאַשלא וואָן“! מיין איך אז איך מעג שוין געהן, ערשט זיי שלעפּען מיך צוריק און פּער־זאָגען מיר ניט צו געהן אויף איין וועג מיט מיניסטראַטציעס נאָר אויפ'ן זייט, זאָג איך, ראז אַז זיי הייסען וועל איך געהן...

חוה: — אַלע מאָל אויפ'ן זייט...

גרונע: — אללע מאָל? כ'האָב זיי אין דער ערד, דוקא אין מיט'ן!

גאלאשין (קוקט נאָך ליבען ווי זי קוקט אויפ'ן זייגער, אין פענסטער):— וואָס פאַר אַ שעהנע נאַכט! אין אַזאַ נאַכט איז גוט צו שפּאַצי־רען... וואָלט איהר מיר ערלויבען, ליובאָוו אַראַנאָוונא, זעהן אייער סאָד?

ליבע: — ענטשולדיגט... איך דאַרף שוין אַוועקגעהן.

גאלאשין: — בין איך ערלויבט צו זיין אייער בעגלייטער?

חוה: — ליבע, וועסט דאָך ביי נאַכט ניט געהן אליין.. ס'איז אַזוי אָפּאסנע.

ליבע: — איך וועל פאָהרען.

אהרן: — אין אַזאַ פּאַגאָדע איז, דוכט מיר, בעסער דורכצוגעהן זיך..

חוה: — גרונע, זיי אַזוי גוט טראָג אַרויס אהער ליבע'ס נייעם מאַנ־טיל מיט'ן הוט.

ליבע: — איך וועל אליין נעמען (אָפּ צו זיך).

חוה: — אַ גאַנצען לעבען לערינט מען זיך און מען שטאַרבט ערשט אַ נאַר, וואָס עלטער מען ווערט אַלץ ווייניגער קען מען די איי־גענע קינדער. אָט, מיין אינגסטע טאָכטער, דאַכט מיר, איז קלי־גער פאַר מיר... (צו ליבען וועלכע קומט אריין אין אַ שוואַרצען קור־צען מאַנטעלע און שוואַרצע גלאַטע היטעלע) וואָס האָסטו זיך דאָס אָנגעטהאָן אין שוואַרצען, אין וואָכעדיגען? (צו גאלאשין) האָט איהר וועז געזעהן מען זאָל פאַראיינס טראָגען רונקעלע פּארבען?

ליבע: — איך טראָג מאַמע, די קליידער נאָך דער צייט נאָך (צו גאלאשין) געהן מיר?

גאלאשין: — מיט'ן גרעסטען פערגניגען! — (זעגענט זיך מיט אהרון און חוה), דאנקע, איך וועל מיך גליקליך שעטצען אייער אפטער גאַסט צו זיין. (גיט עפּעס גרונען) ראַנקע!

אהרון: — קומט אָפטער!

חוה. — איהר האָט נאָך גאָר ניט אָנגעקוקט אונזער שטאָדט (געהען ארויס בעגלייטען).

גרונע (בלייבענדיג אליין): — הוליע קבצן!... (טהוט אַ וואָרף אויפ'ן פּלאָר אַ זילבערנעם רובל, געהט און מאַכט זיך ניט זעהענדיג, פּלוצלונג בייגט זיא זיך איין חאַפּט איהם לייגט אין קעשענע, געהט צום טיש, לעקט פון די טעלערלעך די סאָק, שיט נים אין קעשענע, קוקט אין שפּיגעל). —

חוה (געהט אריין, נאָך איהר אהרון): — נו. גרונע... וואָס שטעהסט ווי אַ נאַר אויף אַ חתונה?

אהרון: — מען וואָלט בעדאַרפט אויסבעטען די בעט.

גרונע: — שוין אויסגעבעט...

חוה: — נאָך נעכטען... (צו גרונען) נעהם, קלייב צו פון טיש. נו, ווי געפעלט ער דיר?

גרונע: — ס'א יאָלד, מוז זיין אָנגעשלאָגען מיט געלד, ווען קומט ער ווייטער?

אהרון: — ווענסט עס אַזוי גוט זיין אַ פרעג טאָן דער פריילין און אונז זאגען... (צו חוה'ן) וואָס ארט דיך, זי וועט איהם לאָזען אין מיט'ן דערינען און וועט אליין אוועק וואו זי האָט צוגעזאָגט. זיא איז דעם גאַנצען אָבענד געזעסען ווי אויף שפּילקעס.

חוה: — יע, כ'האָב מורא געהאט אז אָט, אָט לאָזט זיא איהם און נעהט אוועק.

אהרון: — נו, דאָס וואָלט איך שוין ניט דערלאָזען, אויף דערוויי־בין איך...

חוה: — איך בעט דיך צו פערציייהען... אַ גאַנצער העלד (צו גרונען) נעהם צו, גרונע, אַללעס אויף איין אָרט (צו אהרון) ער ווייזט מיר אויס צו זיין אַ גאַנץ געשטעלטער, רעדט צו דער זאַך, הערט צו וואָס עלטערע ריידען.

אהרון: —איבערהויפט וואָס דו — וויא זיא האָט זיך דאָס אביסעל צושאָקעלט!

חוה: — וואָס־זשע, ווי דו, פאראומערען יענעם דעם לעבען?

אהרון (ווען גרונע טראָגט די כלים אין קיך): — איך וואָלט שווערען אז זיא האָט זיך געקליבען אויף א סאָבראַניע, עפּעס „שטאפּעטען“ האָבען זיך דאָ אומגעדרייט, מורא געהאַט אין שטוב אריין געהן, זיי פערשטעהן קענטיג אז מען האָט זיי האָלט פון ווייטען...

חוה: — ס'איז אַללעס ביז א צייט, ווען זיא וועט אָנטרעפען איהר גלייכען וועט זיא מיט זיי ווערען אָפּ חבר.

אהרון: — בעסער וואָלט געוועזען נאָך ביז דאן זיי אויפ'ן שוועל ניט צו לאָזען.

חוה. — בעסער יאָלען זיי געהן צו איהר וויא זיא צו זיי... האָסט געזעהן וויא ער האָט אויף איהר געקוקט?

אהרון: — האָסטו אָבער געזעהן ווי זיא האָט געקוקט? דאָ אין פענסטער, דאָ אויפ'ן זייגער, א גאַנצער יחוס מיט איהר! הלואי זאָל איך ליגען זאָגען — מיר וועלען פון אונזער מיזינקע קיין נחת ניט דערלעבען...

חוה: — ביים אָפּ דעם צונג. (געהן אַוועק אין שלאָף צימער).

גרונע (פון קיך קומט אריין גרונע, עפענט פאנאנדער די פענסטער, זינגט שטיל):

„פון וואנען נעהמט זיך א ליאיבע?
פוןריידען און פון שפּילעז און פון ל־א־א־כען,
אָי, פון ריידען און פון שפּילען און פון ל־א־אכען,
אָי, אונזער ליבע האָט זיך גענומען
פון איינע צוויי ז־א־א־כען!“ (2 מאָל) — —
אהא, ער געהט!

לייזער (א־יינגקוקענדיג אין פענסטער): — זעהסטו, אז כ'זאָג צו — קום איך.

גרונע: — הערסטו לייזער, (זי רייסט איהם פאַר די האָר) ווי די גויע כראָפּעט?

לייזער: — איי, גרונע, ניט שטיף!

גרונע: — וויל איך, נו? וואַרט כ'קום שוין ארויס, דו טופּע דאָר־

טען ניט דערוויל וויא אַ פערד. (מאַכט צו שטיל די פענסטער, דרייט אַריין דעם פייער אין לאָמפּ, געהט אַרויס, פון הינטער די קוליסען הערט זיך אַ שטילער געזאַנג) „פון וואַנען נעמט זיך אַ ליאיבע“? (פון ווייט ערגעץ אַ גארמאניקע און אַ שכור'ער געזאַנג, נאָהענט אַ בילען פון אַ הונד, מיט אַ שרעקליכען פערגיין זיך ... עס הערט זיך הוה'ס שרייען) „גרונע, גרונע, טרייב אַוועק דעם הונד! „פּאַשאָל וואָן“! (עס הערט זיך ווי זי וואַרפט עפּעס דורכ'ן פענסטער. און דער הונד פערגעהט זיך נאָך מעהר, פּלוצלונג לויפען אַרויס הוה און אהרון האַלב אָנגעטהאָן): —

אהרון: — פאַרוואָס מי האָט ראָס מורא! פאָרט אַ אידענע!

הוה (אויפגערעגט): — פערטרייב, פערטרייב אים זאָג איך דיר!

אהרון: — וואָס פאַר אַן אָנשיקעניעס; ארום יאָגען זיך אין האַלבע נאַכט נאָך הינד! (לויפט אַרויס. הוה פערשווינדעט צוריק אין שלאָפצימער דער וואָיען פון הונד הערט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער, דער לאָמפּ הייבט אָן צו בליפען, בליפען, דער פייער טונקט זיך, טוט אַ שטאַרקען בליפּ — און — פערלעשט זיך).

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.)



# צווייטער אקט

בײ אהרון אין סאָד. ליבע ליעגט אונטער אַ בוים און קוקט אריין אין אַ בוך. קוקט אויס פערזאָרגט. פון צווישען די ביימער, רעכט'ס, ווייזט זיך סאלאמאן אָנגעטהאָן אין אַ „אוטשע טשעסקע טוזשורקע" אַ שווארצע וויכע שליאַפּע, גאַנץ אָפּגעטראָגענע שיך. גידיכטע שוואַרצע האָר, פאַלען אין אונאָרדנונג אויף זיין הויכען שטערען. איין האַנד פערלייגט צווישען די קנעפּליך ביים הארצען, די צווייטע אין קעשענע בלייבט שטיין ניט ווייט פון ליבע'ן, קוקט אויף איר אַ צייט דורך די פענסנע.

---

סאלאמאן: — ליובאָוו אראַנאָוונא, ליבע! —

ליבע: — סאלאמאן? איך האָב איך גאָר ניט געהערט צוגעהן, איהר זייט שוין לאַנג דאָ? (זי גיט איהם די האַנד, ער דריקט זי שטאַרק און לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ אויפ'ן גראָז.)

סאלאמאן: — מען זאָגט דאָס דער קוקען אַ צייט פון איינעם רופט ארויס דעם צווייטענס אומקוקען זיך, דאָ איז דער פאַל ניט געוועזען אַזאַ.

ליבע: — דאָ פעלט, ווייזט אויס, מאַגנעטיישע קראַפט...

סאלאמאן: — פעלט עס ביי אונז?

ליבע: — ביי אונז? (מיט אַ לייכטען שמייכעל) איך בין דאָך דאָ געוועזען נור דער געגענשטאַנד וועלכער האָט בעדאַרפט צוגעצויגען ווערען דורך אייער מאַגנעטישען בליק, נאָר, זייט ניט אַזוי צוטראָגען, ווי ביים סרעשזען זיך צום עקזאַמען. —

סאלאמאן: — איך בעט איך, מאַכט מיר ניט פאַר אַ אינגעל... איך פּראָטעסטיר...

ליבע: — אַזוי? דאָס איז נאָך יעצטיגען גייסט... גוט, פון היינט אָן און ווייטער וועלען מיר שוין מעהר ניט אינגערין אייער עלטער.

סאלאמאן: —איהר רעדט מיט מיר ווי... מיט א קינ.

ליבע: — ווי זאל איך מיט אייך ריידען, ווי מיט א טאטען? דא, וועט אויסקומען מעהר שוויינען...

סאלאמאן: — אייער שווייגען... איך האב נאך ניט פערגעסען יענעם שווייגענדיגען שבת נאכט. ווען איהר האט פערשפעטיגט צו אונזער פערזאמלונג, איהר האט אפילו ניט אנגעגעבען דיא אורזאכע דערפון, איך האב אזוי געוואַרט, ווען איהר וואלט וויסען וואס איך האב דאן געפיהלט! ליבע, ערלויבט מיר יעצט צו שטעלען אייך די פראגע; ווער האט אייך דאן בעגלייט צום פערזאמלונג? איהר שווייגט, איך זעה... איהר וועט עס מיר ניט זאגען... (פּאוזע.)

ליבע (מיט איין אויסדריק פון ענטשלאָסענהייט): — א חתן.

סאלאמאן: — ליבע!...

ליבע: — יע, ליבע, וואס איז?

סאלאמאן (מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען טאָן): — גאר נישט... וואס קען זיין... וואס קען איך ווייטער פרעגען?...

ליבע: — שוין גאר ניטא וואס? פרעגט א וועלכער ער איז, צו איז ער מיר געפעלען צו בין איך איהם צום הארצען... איהר פרעגט ניט... דאך וועל איך אייך ענטפערען; — ער איז א גאנץ „פרעד־סטאַוויטיעלנער“ דאכט זיך ניט קיין שלעכטער, ניט קיין נאר, א רייכער, רעדט גוט רוסיש, וויל נדן, בראַקירט ניט מיט יחוס, אנערקענט בילדונג. צווייפילט אין קארל מארקס נבואה, בערויערט אָרימע, בעווינדערט רייכע, געהט עלעגאַנט געקליידעט, רייכערט גוטע סיגארעטען — אויך מיט די ערלויבניס פון זיין ראמע — כאַפּט אונטערן האנד ווען מען דארף, שווייגט וואו עס פּאסט, דארף פערשטעהן גוט געשעפט — דאס זאגט דער טאטע — איז איבערצייגט דאס פּאר אידען איז דאס בעסטע צו וואָהנען אין טיעף ראססיע און וואס וויניגער זיך מישען אין פּאָליטיקע, נו, וואס נאך פּאר מעלות ווילט איהר זאל איך אייך אויסרעכענען?

סאלאמאן: — גענוג, פיליכט איז שוין ביי אייך בעשלאָסען.... אויב אזוי....

ליבע: — אויב אזוי?

סאלאמאן: — זאָל זיין מיט מזל...

ליבע: — ראנקע, ראנקע שעהן! (קוקט אריין אין בוך, פּאוזע.)

סאלאמאן: — ווּעמען לעזט איהר?

ליבע: — באקל'ן.

סאלאמאן: — ס'איז לאנגווייליג, ניין?

ליבע: — באָקל האָט געשימילט איז זיין קאבינעט א יאָהר 20, ביז ער איז דערמיט פערטיג געוואָרען, שוין דערפאר אליין איז ער ווערט מען זאָל איהם לעזען... א יאָ איך בין א ראנקבארע לעזערין?

סאלאמאן: — ליבע, איך האָב אייך בעליידיגט?

ליבע: — בעליידיגט, מיך, מיט וואָס?

סאלאמאן: — מיט פאנאנדערפרעגען זאכען וועלכע איהר ווילט פיליייכט ניט מיטהיילען יעדען איינעם...

ליבע: — זייט איהר דען יעדער איינער? מעהר ניט... א מזל טוב האָט איהר מיר אָפּגעגעבען א צו קאזיאָננעם, ניט אריינגעדרינגען טיעפער אין דעם ענין, נור אויף דערפאר קען מען צו אייך גאָר נישט האָבען, איהר זייט נאָך פּאָרט א קינד, א קינד וועלכער איז גראדע דערמיט ענליך צו א טאטען, צו מיין טאטען... (פּאוזע.)

סאלאמאן: — איך האָב שוין לאנג בעמערקט דאָס צווישען אייך מיט אייערע עלטערען עקסעסטירען שארפע בעציהונגען... ליבע, וואָס וואָלט איהר געטהאָן ווען די עלטערען וואָלטען אייך צווינגען צו הייראטהען אזעלכען וועלכען איהר קענט ניט ליעבען און... ווען איהר וואָלט נאָך דערצו געליעבט איין אנדערען?

ליבע: — וואָס פאר א פראגע! עס וואָלט געוועזען זעהר, זעהר טרויעריג (איראָניש) איך וואָלט איינגענומען גיפט... איך, איך וואָלט...

סאלאמאן: — איהר שפּאסט... אלעס איז ביי אייך א שפּאס...

ליבע: — אללעס? ניין, ניט אלעס, אויב איך וואָלט געליעבט איין אנדערען, אויב... אפשר ליעב איך טאקע? איך ליעב, סאלאמאן, און ווּעמען? — א וואונדער שעהנעם פאסטוך, וועלכער האָט נאָר איין שטיבעלע אויפ'ן גראָז דעם גרינעם... איז שטאָלץ און בראוו, זיינע וואונדער שעהנע אויגען בעזיצען א זאנדערבארע צוציהונג'ס קראפט, ער בעזיצט א הארץ וועלכע ברענט, פלאמט מיט ליעבע... מוזיקאַליש — קלינגט זיין נאָמען...

ס א ל א מ א ן: — ס א ש א ?...

ל י ב ע: — סאשא... א פאסטוך?... (קוקט אראפ אין בוך).

ס א ל א מ א ן: — אן ארבייטער אין א דרוק, איהר זעהט... איך ווייס..

ל י ב ע: — אזוי?... נו, זאגט: „זאל זיין מיט מזל“...

ס א ל א מ א ן: — דאס וועט ניט העלפען... איך קען עס ניט דערלא־זען... איך וויל זיך גאר ניט פארשטעלען איך פאר אן ארימען ארבייטער, א רייהע סערע פינסטערע טעג, וואכען, מאנאטען, יאהרען! די צייט פערוואנדעלט די שעהנע, שטאלצע ליובאוו אראנאווונא אין א שאטען, פאר דער צייט פערעלטערטע פון טהיי־לען איהר לעבען מיט א פראליעטאריער, אן אומגליקליכען פאר זיך פאר איך און פאר די קומענדע פרוכט פון ליעבע...“ שרעקליך!

ל י ב ע: — שרעקליך, יע? אנו, נעהמט זיך יעצט מאהלען דאס פער־קערטע בילד!...

ס א ל א מ א ן: — רייך מעבלימרטע צימערען, דינסטען, שעהנע קליי־דער, פערד, פערעהרער....

ל י ב ע: — און וואס הערט זיך מכח ליעבע, הויכע אידעאלען, „דינע שטאפען“?...

ס א ל א מ א ן: — אלץ אין איינעם — איז ניטא ביי קיינעם... איהר ווייסט פון א דריטעס בילד מיר האבען וויפיעל מאל אפען גע־רערט...

ל י ב ע: — יע... אפען גערעדט... איך זאל אייער עמוד האש זיין, ווארטען ביז איהר וועט אין א יאהר 10—8 ארום צוקומען צו דער פראפעסארסקע קאפעדרע, פערלאזען די עלטערינס הויז, ווארום אזוי לאנג וועלען זיי ניט לאזען „זיצען“ דינגען א „אוויוטנינקין“ הדר'ל מיט ווייסינקע פארהאנקעלאך, א קליין טיישעלע מיט צוויי שטוהלען איינער פאר איך דער צווייטער פאר מיר. ווען איהר ווערט פריי פון אייערע שטונדען דאס הייסט, פון נעמען אן אוראק און געבען אוראקען — קומט איהר צו מיר, נעמען מיר זיך פאר די הענד, קוקען זיך אריין אין די אויגען. דערצעהל איך עפעס — הערט איהר, רעדט איהר — הער איך; לעזען מיר ביידע איין זאך, קעמפפען גלייך — מען הערט, מען רעדט, מען קעמפפט און שווייגט ביז... טאג... נעמט איהר

זיך פאַר אייערע שטונדען און איך... וואָס דאַרף איך טהאָן? אויך שטונדען אָדער... ס'איז גלייכער צו ווערען אַ מאָדיסטקע? „פיקאנטנער" פון אַ מאָדיסטקע ארויפאַרבייטען זיך אויף אַ פראָפעסאַרשע... אַזוי מיין סאָלאָמאָן מודרי?

סאלאמאן: — וואָס פאַר טאָן און בעלייכטונג... יע... בעלייכטונג האָט פיעל וואָס צו זאָגען...

ליבע: — יע... דער פאַקט אָבער בלייבט דער זעלבער... מיין עלטער באָבע עליה השלום, פלעגט זאָגען דאָס בוריקעס מיט ברויט איז אַ גוטע אַכילה. ווען אַ קינד פלעגט ביי איהר בעטען עסען פלעגט זי זאָגען: „נעהם בוריקעס מיט ברויט און עס" איז אָבער דאָס קינד געווען „ניט אין גאַנצען" פלעגט זי זאָגען „נעהם בוריק־לאך מיט ברויט, מיין קינד, און עס"... איהר לאַכט, אַ? . . .

סאלאמאן: — דאָס איז אַ משל!

ליבע: — יע, (מיט אַ טאָן פון אַ מגיד) דער נמשל איז, דאָס אין דער באָבעס נגון איז טאַקע געלעגען אַ טעם, אָבער די בוריקעס זיינען ניט געוואָרען אוים בוריקעס...

ראיסא (אַ ניעדעריגע בלאָנדינקע, אין אַ העל בלויע קלוידיל לויפט צו זיי מיט עפּיל): — נאַט אייך, נאַט אייך, זיצען זיך ווי אדם מיט חוה'ן אין גן־עדן...

ליבע: — און געניסען ניט פון עץ הדעת . . .

ראיסא: — ביז... איך וויין זיך...

סאלאמאן: — און... ווערט וואו צוויי, אַ דריטע....

ליבע: —ראיסא, איהר זייט ביי אונז געווען? איז ווער געקומען?

ראיסא: — ניט איבערצוציילען! סערגיי פעטראָוויטש, סאשא, פעטערס, מוהמעס, קינדער, די מוהמעס ריידען און בערייִדען, די פעטערס גיבען קאָנסטיטוציעס, די קינדער שפּיעלען אין רעוואָלוציע סערגיי פעטראָוויטש האָט זיך צונויפגעטשעפּעט מיט גרונען פאַר דער בונדאָווסקע „טשעארע" און סאשא האָט זיך פערקליבען צו אייך אין צימער, קריכט אויף די ווענט, זוכט אויפ'ן לאַנדקאַרטע טעריטאָריעס, דאָס מוז זיין (צו סאָלאַמאָן) דורך אייער רעקאָמענדאַציע... (צו ליבען) איהר ווייסט? מען וויל מיך מאַכען פאַר איין אמת'ע אידישע טאָכטער...

סאלאמאן: — עס וואָלט ניט שאדען איהר זאָלט בעסער פער־שטעהן וואָס ס'הייסט א אמת'ע אידישע טאָכטער...

ראיסא: — א אידישע טאָכטער הייסט ניט, א אידישע טאָכטער הייסט מען; זי דארף פאָלגען וואָס טאטע־מאמע און גוטע פרומע לייט הייסען איהר צו גוטען טהאָן, זיין... א פערברענטע פועל־ציון'צע....

סאלאמאן: — בעסער ווי א ניט דערבאקטע רעוואָלוציאָנערקע... (צו ליבען) איז דאָס אויך דורך... רעקאָמענדאציע?

ליבע: — דאָס דארף זיך ניט און ס'טוט זיך ניט דורך רעקאָמענ־דאציע.

סאלאמאן: — רופט עס אגיטאציע, פראָפּאָגאנדע, איינפלוס...

ליבע: — קומען פון דעם אייך אייערע איבערצייגונגען?

סאלאמאן: — מיינע פון די אומשטענדען, פון די ביטערע ער־פאהרונג ביים יאָגען זיך דרייען די גרויסע היסטאָרישע ראָד פון פּראָגרעס....

ליבע: — און דאָס האָט אייך געפיהרט צו לאָזען די ראָד און אוועק מאכען פאר זיך רעדליך... (פּאוזע) פאר מאנכע איז צו לאנגוויי־ליג דאָס גאנג פון'ם ראָד, אנדערע קלעקען קוים פאר די רעדלאך... ווען א גרויסע שיף טרינקט זיך, לאָזען זיך דאן רעטען א שי־פעל?... מען טשעפּעט צו דאָס שיפעל צום שיף...

סאלאמאן: —עס טשעפּעט זיך ניט, די שיפעל ווערט געשליידערט אין אלע זייטען, קען ניט ווי דאָס גרויסע שיף אויסהאלטען א שטורם, — האלט ביים אונטערגעהן...

ליבע: — איהר האָט געזאָגט דאָס ס'האלט ביים אויפלעבען...

סאלאמאן: — יע, ווען אונזערע זאָלען ניט אוועק צו די גרויסע שיפען, ביסליך־ווייז ערוואכען אונזערע שווימער, זעהן איין דאָס מען קען דערטרונקען ווערען דרייענדיג זיך איבער א קעסיל־גרוב. ביי אנדערע בעוועגט זיך עפּעס, זיי ווייסען נאָך אליין ניט וואָס, עפּעס — וואָס טרייבט זיי קריכען אויף די ווענט זוכען טיערי־טאָריעס אָן רעקאָמענדאציעס... מען איז פערבלענדעט פון גרויסען קאמפּף! עס קען זיך אויסלאָזען ווי מיט יענע שטעדטיל איינ־וואהנער וועלכע האָבען געוואָלט אפּשטופּען די בערג אום גראָמער

מאַכען זיך, — איינגעשפּאַרט מיט אַלע כוחות, פון היטץ ארונ־טערגעוואָרפען פון זיך די זאַכען און — אַז זיי האָבען זיך דער־נאָך אָפּגעקעהרט אויף צוריק, די זאַכען ניט געזעהן — האָבען זיי מיט ענטציקונג אויסגעשריהען: „אוהא ווי ווייט מיר האָבען פערשטופּט די בערג, אַזוי ווייט אַז, ס'זעהען זיך שוין די זאַכען ניט!“

ראיסא: — און די זאַכען... חאַ־חאַ־חאַ, האָט מען פּשוט... צוגע־גנבה'ט?

סאלמאן: — יע, פרעגט בעסער צו האָט ביי אַלע בערג שטופּער געפעלט די זעלבע צאָהל זאַכען.

ליבע: — ווער קען עס אין טומעל וויסען וויפיעל וואָס ביי וועמען עס פעהלט...

סאלמאן: — גיט צו דאָס ס'איז אַ גרויסער צער אויפ'ן גנב, דעם נעבאַכדיגען פּראָדוקט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדען. מען דאַרף בעסער לערנען אין וועלכען זייט דער חיה צו גלעטען דעם שערסט, אויפקלעהרען, זאָגאַר ליעבען!...

ליבע: — עס קומט אָפּט אויס איבערצוטראָגען די ליעבע פון מענ־שען אויף חיות....

סאלמאן: — און אויסשטרעקען די אַרמס פאַר אַ גאַנצע חן'ודיגע סמעס חוליגאַנסקע... און ווען זיי וועלען זיך בשעת'ן וואַרימען אומאַרמען צובונטעווען אונטער אייער אידיישען נאָז, האַקען, ברענען, מאָרדען, שענדען דאַן... ריידען זיי פון גלייכהייט, ברי־דערליכקייט, גערעכטיגקייט, פון גאָט פון ליעבע!...

ליבע: — מען דאַרף זיי עפענען די אויגען אויף די אין וועמעס הענד זיי זיינען צו געוואָרען געגען אונשולדיגע.

סאלמאן: — איהר זיי, די אויגען, און זיי איך, די מוחות...

ליבע: — עס איז אָבער אונמעגליך, אוממעגליך צו געהן געגען שטראָם!

סאלמאן: — ווילען דאַרף מען האָבען, גלויבען, נאַציאָנאַלען שטאָלץ!... פאַרוואָס דער ברייגנען צו די שטאַרקע פרייהייט און צו די שוואַכע טויט?!

ליבע: — יע.. ווען די וועלען שלעפען אהער — די אהין וועט ארויס־

קומען ווי אין קרילאָוו'ס באסניע (פאבעל) מיט'ן ליעבער שטשו־
קא אי ראַק"...

ר א י ס א : — אָבער מיר ווע‎לען זיין די ליעבעד'ן... (צו סאָלאמאָן) איהר
זייט דער ראַק, איהר ציהט זיך צוריק אין'ם הייליג לאנד...

ס א ל א מ א ן : — טו קומט טאקע מיט אונז איידער איהר רערגרייכט
די וואָלקענס... (קוקט זיך אַרום אויפ'ן זייגער, טוט זיך אַ כאַפּ) פער־
שפּעטיגט אַן אוראָק. (זעגענט זיך, געהט לינקס).

ר א י ס א (צו ליבען) : — אָי, כ'האָב איהם גאָר פערגעסען זאָגען וועגען
אונזער שכן'ס אינגעל, ער קען ביי זיי האָבען אַ גוטען אוראָק.

ל י ב ע : — רעריאָגט איהם און זאָגט. (ראיסא אָפּ.)

פון צווישען די ביימער, רעכטס, ווייזט זיך סאשא אין אַ שוואַרצע סאַטינקענע העמדיל מיט אַ שוואַרצען זיידענעם שנור אַרום טאַליע מיט קוטאַשען, אַראָפּגעהאָנגען ניעדעריג ביי'ם זייט, טראָגט אויפ'ן האַנד דעם פּידזשאַק, איז זעהר סימפּאַטיש, מיט זעהר שעהנע ברוינע האָר, פערטראַכטע אויגען...

סא ש א : — זדראַוסטוואָיטיע ליובאָוו אראַנאָוונא ! (דריקט שטאַרק איהר האַנד מיט אַ שלעפּ צו זיך, טהוט אַ וואָרף דעם פּידזשאַק, ציהט זיך אויס אויפ'ן גראָז, דרייט די קאָפּ אין אַלע זייטען) — וואָס איז דאָס עפּעס כאַלאמאַן אזוי אוועקגעלאָפען ?

ל י ב ע : — אַוועקגעגאַנגען...

ס א ש א : — וואָס מאַכט'ס אויס, איך וואָלט איהם וועלען זעהען...

ל י ב ע : — ער איז נאָך ניט ווייט, איהר קענט איהם דעריאָגען.

ס א ש א : — איך האָב מיך פיינט צו יאָגען....

ל י ב ע : — און דאָס איז גוט... ווייל עס וואָלט אויסקומען דאָס די וואָס לויפען זאָ ווי זאָ, אַנטלויפען עס פון אייך (אַ לאַנגע פּאוזע ליבע קוקט ווייט פאַר זיך, סאשא בייסט ניערוועז גרעזעליך) —

ס א ש א : — ליובאָוו אראַנאָוונא, ניין, ליובא, ערלויבט מיר אזוי צו רופען אייך — וואָס זאָל טאָן אַן ארבייטער, ווען ער פערליעבט זיך אין אַ בורשואַז'ס אַ טאָכטער ? . . .

ל י ב ע : —אויב ער בעלאַנגט צו אַ דיסציפּלינירטע פּאַרטאַי, וואָלט דאָס בעסטע געווען עס אָנצופרעגען אין זייער צענטראַל־קאָמי־
טעט... (שמייכעלט).

ס א ש א : — איהר פערשלעפּט די רייד אַן אַ זייט.. (שטילער) — וואָס זאָל דאָס בעדייטען, ווען מען בעגעגענט אַ מענשען און ס'הייבט שטאַרק אָן קלאַפּען אין האַרצען? אין די אויגען ווערט פינסטער, די פּיס בייגען זיך די קאָפּ דרייט זיך... ווען איך האָב אייך בע־געגענט מיט יענעם זאַטען, צופרידענעם קאַוואַליער איז מיר אַזוי געוואָרען... נאָך ערגער ווי ווען איך בעגעגען פּלוצלונג אייך אליין... ווען איהר זייט שוין אַוועק ווייטער, האָב איך מיר געלאָט געהן צו אייך, אונטערן פענסטער, וואַרטען. וואַרטען! אויף וואָס? אַרום איז געווען שטיל... אַ הונד האָט זיך פערגאַנגען מיט אַ מאָד־נעם סאָרט וואָיען. מען זאָגט דאָס אין דער הויז, לעבען וועלכער אַ הונד פערגעהט זיך אַזוי, מוז אימיצער שטאַרבען. איך גלויב ניט אין די זאַכען, נאָר מאָדנע, איך האָב דאָס אַזוי ניט געקענט הערען... בין אַוועק ווייט, זיך אומגעדרעהט אין די גאַסען אָן אַ ציעל... פּאָליציי האָט מיך אָפּגעשטעלט און, פריי געלאָזען, צו וואָס, צו וואָס דאַרף אַ מענש אָן אַ ציעל פרייהייט?... (פּאַוזע, ער גראָבט איין די געזיכט אין די הענד.)

ל י ב ע : — סאַשאַ.....

ס א ש א : — ווען איהר רופט מיך אַזוי ווילט זיך מיר אַזוי וויינען...

ל י ב ע : — איך וואָלט מיר קיינמאָל ניט שיינקען ווען איך וואָלט אייך מאַכען גלויבען אין אַ זאַך וועלכע איז אוממעגליך צו פער־ווירקליכען... ביי אייך צונעמען גלויבען, הייסט צונעמען אַלעס, איהר לייגט אַריין אין איין געפיהל די קאָפּ, די האַרץ דעם גאַנצען „איך"... איהר וואָלט ליידען און, איך וואָלט ניט וועלען איהר זאָלט ליידען.

ס א ש א : — אוים מיטלייד? — נאָר ניט דאָס, ניין, איך בעט ניט, איך וויל ניט!

ל י ב ע : — ווי איהר ווילט... איך קען מיינע לעצטע ווערטער, אויב איהר פערשטעהט זיי שלעכט, צוריקציהען...

ס א ש א : — אַבי איך זאָל זיך אָפּטשעפּען פון אייך...

ל י ב ע : — האָט איהר זיך דען צוגעטשעפּעט? ווער זאָגט עס? פאַר־קעהרט, איהר זייט איינער פון מיינע אונהעפליכסטע, נומיר זאָ־גען, קאַוואַליערען, און גראַד דאָס געפעלט מיר אין אייך... איהר

האָט אזא רעכט צו ריידען ווי אַנדערע, נאָר דאַרף דען דער שטאָלץ זיך פיהלען אזוי בעליידיגט ווען געוויסע געפיהלען געפינען ניט קיין געווינשטען אָפקלאַנג אין א צווייטענס הארץ?

סאשא: — איהר הייבט מיך ניט אָן צו פערענטפערען?.. וואָס נאָך וועט איהר זאגען?

ליבע: — וואָס נאָך?... (זי פערטראַכט זיך אַביסעל) — א זאך וואָס איך האָב נאָך ביז יעצט ניט געזאָגט... איך האָב געליעבט א מענשען... בין גרייט געווען פאַר איהם זיך צו אָפּפערען, און ער, סאַשאַ, האָט עס געוויסט און, זיך אָפּגעקעהרט פון מיר. וואָס האָב איך געזאָלט טהאָן?

סאשא: — זיך אָפּגעקעהרט.... פון איך?!— ווער איז דאָס גטוועז?

ליבע: — וואָס מאַכט עס אויס, איך פרעג נור, וואָס האָב איך בעדאַרפט טהאָן?

סאשא: — ער האָט איך געווים ניט פערשטאַנען... איהר האָט איהם נעדאַרפט פערגעסען... איהר שמייכעלט... איך אַרט עס ניט. אָה, איך פערשטעה, איהר האָט עס נאָר וואָס אויסגעטראַכט צוליעב מיר, פאַר מיר, קונציג! קונציג, ליובאָוו אַראַנאָוונא! איהר זייט א גוטע אקטריסע... איך געה אַוועק און, דוקא אין צייט... אָן קומט אַן אנדערער... ליו־ב־אָ־וו, אייער נאָמען איז ווי אָנגעמאָסטען פאַר אייך. שפּיעלט זיך מיט די הערצער פון ערינסטע אַרבייטער, אינטעליגענטין, לומפּען פּראָליעטאַריער...

— פון רעכטס קומט סערגיי פּעטראָוויטש, אַ בלאָנדין, הויך, בייגזאַם, אָנגעטהאָן נאָך דער מאָדע, די קאָפּ פּערוואָרפען אַביסעל אָן אַ זייט. —

ס. פּ. . — אייביג וועגען דאָס זעלבע: אַרבייטער, אינטעליגענטען לומפּען פּראָליעטאַריער, עד, אַלעקסאַנדער מאקעדאנסקי איז געווען א גרויסער מענש, אויף אזעלכע זאַכען אָבער, האָט ער די ציינער ניט געבראָכען!...

סאשא: — און איהר קענט צוברעכען... (וויל אַוועקגעהן).

ס. פּ.: — עי, איהר יאָסיף פּרעקראַסני, איהר האָט פערגעסען — אייער מלבוש! (נאָכקוקענדיג סאַשא'ן ווען ער נעהמט דעם פּידזשאַק און געהט לינקס) — מאָדרנע סוביעקטען זיינען זיי, די ארבייטער, קיין טאַקטיק, און וואָס ווייטער ענטוויקעלט זיך אין זיי מיט

טייפילשער שנעלקייט די זעלבסט־אַנערקענונג וועלכע דערגעהט שוין ביז צום קריינק זיין!

ליבע: — דאָס איז ווייל וואָס ווייטער דערקענען זיי מעהר „סוביעקטען“ פון אייער סאָרט...

ס. פּ.: — איהר שניידט זיך, דוכט זיך, אויף זייער שניט...

ליבע: — דאָס איז, ווייל איך דערקען זיי מעהר...

ס. פּ.: — גמ... וואָס געפינט איהר אין זיי, מעג איך פרעגען?

ליבע: — ערינסטקייט.

ס. פּ.: — אַ שעהנער וואָרט (אַרומקוקענדיג זיך) — ליובאָוו אראַנאָוונא, קומט ווייטער, דאָרט איז בעסער.

ליבע: — ס'איז דאָ אויך גוט...

ס. פּ.: — ליובאוו אראנאָוונא, פּאַרוואָס זייט איהר אזאַ.. שלעכטע?

ליבע: — לאָזט צורוה. סערגיי פּעטראָוויטש, איך בין ניט אויפגעצלייגט צו שטויסען וואסער.

ס. פּ.: — שטויסען וואסער?... קען מען פון מיינע רייד גאָ־נישט ניט אַרויסטראָגען?

ליבע: — יע... מען קען

ס. פּ.: — מעג איך פרעגען — וואָס?

ליבע: — קאָפּ שמערצען.

ס. פּ.: — ווי איך זעה האָב איך אייך היינט געטראָפען מיט פאַרטיגע קאָפּשמערצען...

ליבע: — יע, געטראָפען...

ס. פּ.: — ליובאָוו אַראנאָוונא, וואָס איז מיט אייך? (ער פאַלט אויף די קני כאַפּט קושען איהר האַנד, זי שטעהט שנעל אויף פון גראָז, ער קוקט פערלאָרען; פון ווייטען, רעכטס, ווייזט זיך גרונע, זי זינגט:)

גרונע: — „שטעהט אויף איהר אונטערדריקטע נאַטשיעס,
אָי, מאַכט צו דער הערשאַפּט אַן עק, אַן עק!“

(ליבע געהט איהר אַנקעגען, ריידען עפּעס שטיל, פון לינקס קומט ראיסא, צו ליבען) —

ראיסא: — הערט, וואָס איז דאָס מיט סאַשען, ער ליעגט דאָרט די קאָפּ איינגעגנורעט אין דער ערד, וואָס איך האָב איהם ניט געשלעפּט — האָט ער זיך ניט געוואָלט אָפּקעהרען.

ליבע: — ראיסא... טהוט אַ געפעליגקייט, נעהמט זיי צו פון דאנען, איך וויל דאָ בלייבען אַליין... ביי אונז איז היינט אַ פאַמיליען ראַטה, די גאַנצע משפחה וויל פון מיר נחת האָבען... היינט מוז ענטשיידעט ווערען „ווער — ווען — ווען"... מען קען נאָך קומען אהער און... ביי אונז קען פּאָרקומען... אַ הייסע דעבאַטע... איהר פערשטעהט?

ראיסא: — איך פערשטעה... איז... ווי אַזוי צונעמען זיי פון דאנען?

ליבע: — בעט זיי אוועקגעהן ווייטער... איהר וועט שוין זעהן ווי...

ראיסא: — אויב זיי ווילען דוקא ווילען געהן אהער, וועל איך זאָגען דאָס איהר ווילט עס ניט...

ליבע: — אויך רעכט.

ראיסא געהט צו ס. פ. מיט איהם לינקס. — רעכטס קומען אָן אהרון, חוה און ר' זלמן. —

אהרון: — וואָס וויים ווער וואָס פאַר אַ כלאָפּאָט מען האָט מיט אַ סאָד! דאָס קאָסט אָפּ אַ שלל מיט געלד. וועמען וועט עס בלייבען? אַליין פאַר קינדער, קריגסט פון זיי דערפאַר אַ פאַדיאַקע!

חוה: — גרונע, געה אין שטוב אריין!

גרונע: — איך געה, איך דאַרף אָבער אַוועקגעהן (געהט אַוועק רעכטס)

אהרון: — נ, נ, זיינען מיר געבענטשט מיט אַ דינסט... דאָס מאַכט דעם „יתום" טויזענד מאָל אַ טאָג די מיתה, אויף „שביראַניעם" געהט דאָס, ס'א קלאָג צו פּרעה'ן אַז מיקיטע איז אַ סטאַרעסטע שא, אָט איז אונזער דאַטשניצע... דעפּוטאַציעס דאַרפען צו איהר קומען, ווי צו גראַף וויטטע, וואָס קלערט זי זיך וואָלט איך גערין וויסען!

חוה: — ער הייבט גליך אָן פון לינקען זייט... אַז ס'העלפט ניט מיט גוטען, געהט מען מיט בייזען...

אהרון: — צו וואָס מיר די פּאָליטיקע? (צום שדכן) הערט איהר? ווען איך בין אַלט געוועזען אַ יאָהר 35 האָט מיר מיין מאַמע געגעבען אַ פּאַטש....

ר' זלמן: — וואָס אַז שייך, אַ מאָליגע יאָהרען...

חוה: — אַ גוטען העלפט אַ וואָרט, אַ שלעכטען, קיין קלעפּ אויך ניט..

אהרון: — מען מוז אַרויסטרייבען דעם דור פון קאָפּ (צו ליבען) איך זאָג דיר אָן מיט הארבע ווערטער, געה מיט גוטען (העכער) קום אין שטוב אריין!

חוה: — ליבע, מאַך ניט קיין ליטישע געלעכטער, מעגסט צוהערען אַמאָל וואָס עלטערע זאָגען, קיין מאָנאַשקעס וועסטו דאָך ניט ווע־רען (צום שדכן) איך האָב גאָר ניט געוואַגט מיינע עלטערען צו זאָגען אַ דעה, וואָס געהייסען, דאָס געפאָלגט, שאַ, שטיל ווי אַ קאַטשינקע.

ליבע: — ביזטו גליקליך...

חוה: — געוויס גליקליך... ווער וואָלט דאָס מיך איצט נעמען אזא אַלטע אָן צײַנער? (שדכן הוסט און לאַכט.)

אהרון: — ניט געפעלען איהר וואָס די מאַמע האָט דעם טאַטען גענומען! —

ר' זלמן: —עט, וואָס איהר רעדט, אַן עברה די צייט כ'לעבען, אָט לאָזט בעסער מיך ריידען.

(אהרון און חוה געהען אָפּ, שפּאַרען אונטער די ביימער, ריידען).

ר' זלמן: — מעג איך אייך פריילין עפּעס פרעגען? וואָס ענטפערען דעם הערר גאלאישין?

ליבע: — איהר ווייסט שוין וואָס.

ר' זלמן: — ע, ער ווייס דאָך אַז מען האַלט מיט אייך יע ביי אַ שדוך? ער לאָזט דאָך מיך ניט רוהען (שטילער) הערט אַ בעסערע מעשה ער שטימט איין אויף אַ העלפט צו נעמען וועקסלען, „דער מענש, זאָגט ער — איז מיר געפעלען, האָטשי זי איז פער־מישט אין די היינטיגע אומגליקען, פּאַרטייען, און אַז זיא וויל וועקסלען — זאָל זיין וועקסלען... מען רעדט דאָך איהם מיט וויפיעל מאָל אזוי פיעל און ער וויל קיינעם ניט אָנקוקען, גליך — זאָגט ער — פיר איך זיא אַוועק אין ראססיעיע און זי וועט ביי מיר לעבען ווי אַ פייגעלע אין אַ נעסט (שטילער) איהר ווייסט אַ סוד? אייער פאָטער האַלט מיט די געשעפטען גאָר שמאָל, ווען מען לאָזט אָפּ דעם שדוך — קען ער באַנקראָטירען... איהר פער־שטעהט?

ליבע: — וויפיעל קען דער שדוך אריינברייגגען מיין פאָטער?

ר' זלמן: — וואָס הייסט? אָסור אויב איך פערשטעה וואָס איהר מיינט?

ליבע: — איך זעה דאָס... וויפיעל קען איך יעצט אָפּקאָסטען מיינע עלטערען?

ר זלמן: — ס'א שאלה דאָס איז אביכעל! זאָל איך דאָס פאַרדינען אַלע יאָהר.

ליבע: — איז זאָלען זיי מיט'ן נדן פערבעסערען די געשעפטען...

ר זלמן: — איהר רעדט דאָך ווי א קינד... פריהער — שפּעטער — עס וועט דאָך מוזען קאָסטען!

ליבע: — הערט, איך בעט אייך ווייטער, מיידט אויס אונזער הויז.

ר' זלמן: — ס'טייטש, ס'טייטש, אזוי פיעל געגאַנגען, געפאָהרען, צום סוף...

ליבע: — וויפיעל האָט דאָס אייך געקאָסט?

ר' זלמן: — עט, ווער וועט מיר אויסצאָהלען?

(ליבע נעהמט שנעל אַרויס פון טייסטעריל אַן אַסיגנאַציע, גיט עס איהם, ער נעמט עס זעהר אונגערען, עס קומען צו נאהענטער אהרון און חוה).

אהרון: — נו, אָפּגערעדט? געפּועל'ט?

חוה: — פרעמדע קענען ביי היינטיגע צייטען מעהר פועל'ן וויא אייגענע...

ר' זלמן: — כ'ווי, נו, פריהער, שפעטער... גאַרנישט (הוסט) מיר איז שוין לאַנג צייט אהיים...

אהרון: — וואָס האָט זי אייך געענטפערט?

חוה: — קענכט דאָך ביי איהר פרעגען (צו ליבען) וואָס פאַר אַן ענטפער?

ליבע: — דאָס... מען האַלט ניט ביי א שדוך...

חוה: — וואָס הייסט? א מעניש ווארט דאָך!.... וואָס גיסטו מיר אז איך הייס איהם אהער קומען און ענטפער איהם. און רייד מיט איהם!

ליבע: — איך האָב מיט איהם ניט וואָס צו ריידען.

אהרון: — מיט סאַשקען, מיט'ן לעהרער'ל אָן שיך, מיט ראיסא'ן — און „סערגיי פעטראָוויטש“ אַנדערס לייענט עס ניט א רוח אין זיין טאַטענס טאַטען אריין — מיט זיי קען זי ריידען אָן א סוף, אָן אן אויפהער און מיט איהם האָט זי ניט וואָס צו ריידען!

ר' זלמן: — נו, האָט מיר א גוטען (וויל אַוועקגעהן.)

חוה: — געהט אריין, זייט מוחל, אין הויז, מיר וועלען גלייך אונ-טערקומען (שדכן אָפּ.)

אהרון: — וואָס איז דאָס פאַר אַן ענטפער, זאָג מיר!

ליבע: — צו וואָס אַזאַ טומעל, מען זאָל זיך צונויפלויפען?

חוה: — צו וואָס איז טאַקע דער ישרייען?

אהרון: — אַז זיא האָט מורא פאַר אַ טומעל — טו זאָל זי צו דעם ניט ברייננגען, איך וועל איהר ווייזען ווער עלטער איז.. (צו ליבען) זאָג מיר נאָר, וועסט פאָלגען וואָס מען הייסט דיר?

ליבע: — וואָס?

אהרון: — ניט פערשווארצען מיר די אויגען.

ליבע: — מיט וואָס?

אהרון: — וואָס, וואָס, וואָס מיט וואָס, וואָס מיט דאָס, אָט מיט וואָס! זי פרעגט נאָך, מיט דיין באָסע קאָמאַנדע, פּאָבראַניעס, מיט'ן זוכען מקום מנוחה'ס פאַר דיין „מענשהייט" מיין וועלט פאַרזאָרגערקע! (צו הוה'ן) לייגגער בעגעגענט מיר דער פּריסטאַוו און זאָגט מיר אַ סוד אַז מיין טאָכטער איז אַ צו גרויסע „פּאַני־בראַטיע" מיט די היינטיגע, די „בונטאָווישטשיקעס", „זעה בע־סער, זאָגט ער, היט זי דו איידער מיר זאָלען זי דאַרפען היטען, ס'געהערט אַביסעל? וואַרט, זי וועט פערפינסטערט ווערען אין אסטראג! (צו ליבען) שוין גנוג אין שטוב אריין, צום לעצטען מאָל זאָג איך...

ליבע: — איהר טאָרט מיך ניט צווינגען, איך וויל זיין פריי.

אהרון: — און זיצען אויף מיין קאַרק? פריי!

ליבע: — איך וועל אַרבייטען, ווי אנדערע. —

אהרון: — זאָג נאָר, מיר וועלען דאָ אַ סך טענה'ן?

גרונע (פון ווייטען): — די געסט ווילען זיך צוגעהן, מען רופט איך! — (אָב.)

חוה: — נו ס'וועט שוין נעהמען אַ סוף?

אהרון: — עס וועט נעמען... אַהער אָדער אַהין (צו ליבען) קלייב זיך אויס איינס פון דאָסביידע, אָדער טוה וואָס מען הייסט, אָדער דיין זוואַניע, דיין רוך זאָל מיר דאָ ניט זיין!

חוה: — ליבע, בערעכען נאָר צו וואָס וועט דאָס ברייננגען?

אהרון: — ניטאָ קיין בעטען זיך, אָן לאַסקעס, אַזוי אָדער אַזוי (צו ליבען) ווילסט פריי זיין? טוה גנוג, גנוג דיין זוואַניע זאָל מיר

דאָ ניט זיין! (ווען זי מאַכט אַ בעוועגונג ווי צו געהן.) געהסט טאַ־קע? כאַפּען פרייהייט מיט דיין באָסע קאַמאַנדע? טו נאַ־שזע דיר אויפ'ן וועג!

(ער גיט איהר אַ פּאַטש, חוה שלעפּט איהם ערשראָקען פאַר'ן האַנד, ווי אַ מיעדער פערלאָזט ער די סצענע, נאָך איהם חוה.)

ליבע בלייבט שטעהן גלייך, אָטהעמט שווער, איהרע ליפּען ווערען פערקרימט אין אַ קריונקען שמייכעל. די האַנד נאָר וועלכע כאַפּט אָן קראַמפהאַפט די ווענטעל פון באנק — ציטערט . . . . . . . . . . . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — —

(פאָרהאנג פאלט לאנגזאם.)



# דריטער אקט

ליבעס קוואַרטיר. לינקס אַ בעטיל, דערביי אַ שירמע, אַ טישעל, אויף איהם אַ לייכטער, ליכט א. ד. ג. אַ שיסעל מיט אַ קרוג, דערביי אַ ווייסער האַנדטוך; רעכטס הייגגען פּאָליצעס מיט ביכער, איינינגע שטולען; אין מיטען אַ טיהר, פיהרט צו אַ פינסטערען קאָררידאָר, ביים פענסטער — אַ גרויסער טיש מיט ביכער, פּאַפּירען, אַ גלאָבוס, אַ ניעדעריגער לאַמפּ מיט אַ גרינעם קאָלפּאַק.

ליבע זיצט ביים טיש און שרייבט, די האָר פערלייגט אין אַ שווערע ניעדעריגע „פריטשאסטקע", אין אַ שוואַרצע קלייד און „קאסאוואָרטקע".

ראיסא איינגעהילט אין אַ גרויסע טוך, לעזט אַ בוך, אין צימער איז שטאַרק דונקעל.

---

ראיסא: — אי, עי, וואָס זיי זיינען די ערגערע העלפט! — פאר וואָס שווייגט מען דאָס?

ליבע (שרייבענדיג): — אנו, ערמונטערט אונזער בעסערע העלפט צו א רעוואָלוציאָן...

ראיסא: — און וואָס מיינט איהר? ווען אלע זאָלען שרייען... אפילו איינצעלנע, וואָלטען איינך א סך געקענט אויפטהאָן.

ליבע: — איינצעלנע... טשובען זיך... אנאליזירען, רעאליזירען, פיהרען שוין ארוים גאנצע קופּעס מיסט אויף דער ביהנע, דערווייל בעפּוצט מיט פּאָעזיע, בעלויכטען מיט שעהנע פייערליך, אונטערגעשטויסען מיט גאָט. —

ראיסא: — יע, ס'איז געוואָרען א מאָדע, שטודירען די פראגע, מיר פערמאָגען א סך ערנסטע סטודענטען. (לאַכט סאַרקאַסטיש).

ליבע שטעלט זיך, הויבט אויף העכער די סטאַרע — די פענסטער איז פערפראָרען — זעצט זיך צוריק, טראַכט, בוקעט זיך אין די פויסטען, נעמט די פּען און שרייבט ווייטער.

ראיסא: — נעכטען האָט מען ביי גריגאָר'ן גערעדט איבער די זאַ־כען, זיי רופען דאָס „פרייע ליבע"... אָי, סאַשאַ קוקט אויס אזוי שלעכט... ער וועט פון זינען אראָפּ...

ליבע: — ראיסאַ... איך האָב אייך געבעטען...

ראיסא: — שווייגען? איהר בעט שווייגען, זיי — ריידען, ווייס איך ניט ווען נאָכצוגעבען. איך קען ניט זיין גלייכגילטיג ווען מען ריהרט אָן אייער פערזאָן, בודטאַ־בי איהר שפּיעלט זיך מיט הערצער....

ליבע. — ניין, ניין איך בין מיט זיי קיינמאָל ווייט ניט אוועק, (געהט אום נערוועז איבערן צימער) אפשר... האָט דאָס זיי צוגע־צויגען?... איך האָב געליעבט נאָר איינצעלנע שטריכען פון זייערע כאַראַקטערע... ווער ווייס? ווען איינער פון זיי וואָלט בעזיצען די בעסערע אייגענשאַפטען פון די אלע — צוזאמענ־גענומען וואָלט פיליכט דער איינער געוועזן עהנליך צו יענעם גאַנצען מענשען וועלכער... וועלכער זאָל זיין שטאַרק גענוג צו פיהרען, ניט נאָר געפיהרט אָדער פערפיהרט ווערען, פאַר א וועלכען עס זאָל זיך וועלען, ראַן, ווי איהר זאָגט: ווען דאָס הארץ בייגקט, נאָגט, וויינט — אַ וואָרף טאָן זיך, קניהען, שטאַרבען!... אזא האָב איך ניט בעגעגענט... וועל קיינמאָל ניט בעגעגענען...

ראיסא: — די פערשטעהען אייך ניט...

ליבע: — און איך אליין? — איך הויב זיך אויך אָן ניט צו פער־שטעהן, און צווייפעל אויב איך האָב זיך ווען יאָ פערשטאַנען... מיר דאַכט, איך זוך עפּעס א גלייכער'ן וועג, און זוכענדיג, פער־קריך איך אלץ ווייטער... אלץ ווייטער...

ראיסא: — ווי לעבעדיג עס איז געוועזן א מאָל, און ווי טויט ס'איז יעצט, עפּעס זיינען אלע געוואָרען אנדער־ע, ווי מען וואָלט זיי פערבייטען... וואָס וועט דאָס זיין! הא?

ליבע: — נאָרנישט וועט זיין... עס איז טויט ארום; אין קאָפּ א מיש־מאַש, אין הארץ — א בית עולם, וואָס ווייטער קומען צו מעהר קברים, מעהר שטיינער; שווער ארומצוטראָגען זיך מיט טויטע... און די שטיינער פרעסען, דריקען דאָס הארץ... (פּאַוזע).

ראיסא: — עס ווערט פינסטער... איך וועל געהן נעמען גאַז (נעמט אליין פון אַ שקאַטולקע קליינגעלד, געהט שטיל ארויס).

גריגארי (ארומקוקענדיג זיך): — היינט אָבענד צו דער בעשטימ־טער צייט, וועט איהר בעקומען דעם רעוואָלווער און וויסען די מינוט ווען ער וועט ארויספאָהרען... האָט איהר וואָס אָנצוזאָ־גען? וואָס איבערצוגעבען? ניין... (זיא דרייט מיט'ן קאָפּ אויף ניט) גנעה איך אוועק. (אָפּ).

ליבע: — היינט... היינט! (דריקט שטאַרק צוזאַמען איהרע הענד, שטעלט זיי אָן געגען זון, קומען אויס דורכזיכטיג, רויט, דערזעהט ראיסא'ן וועלכע קומט אריין מיט די קעראָסין, שטיל) מיינע הענד... ווי אין בלוט דורכגעווייקט.

ראיסא: — דאָס קומט פון הימעל, ווען די זון פערגעהט.

ליבע: — ווען די זון פערגעהט... (נעהמט זיך אָנטהאָן).

ראיסא: — איהר געהט שוין אוועקטראָגען די פּאַפּירען? און איך וועל דאָ א לאָף טאָן אהיים, מיינע קענען מיינען דאס מען האָט מיך שוין פערפּאַקט אין קאַזעמאַטקע. פאַראיינס האָבען זיי מיט מיר צו טאָן פארוואָס איך האָב מיך אָנגעטשעפּעט אָן „אייער רע־וואָלוציע" ס'שווער אויסצוקומען מיט עלטערען.

ליבע: — ניט גרינג איז אויך מיט קינדער (זי נעמט צוזאַמען פּאַפּי־רען אין אַ פּאַרטאָפּעל געהענדיג צום טיהר) איהר וועט דאָ לאָזען דעם שליסעל אונטער'ן טיהר (אָפּ).

ראיסא (גיסט אריין קעראָסין אין לאָמפּ, וואַשט די הענד, ציהט ארום די בלוזקע, פערריכט די האָר. דער ווינד בלאָזט די לאָדין, פייווט, וויינט, זי זינגט שטיל:

„הוליעט, הוליעט בייזע ווינטען,
פריי בעהערשט די וועלט,
ברעכט די צווייגען, רייסט די בוימער
טהוט וואָס איך געפעלט

הוליעט הוליעט בייזע ווינטען
דאָס איז אייער צייט
לאנג וועט דויערען דער ווינטער,
זומער איז נאָך ווייט!..."

(עס עפענט זיך שטיל די טיהר און ס'קומט אריין סערגיי פּעטראָוויטש)

ראיסא: — סערגיי פעטראָוויטש?

ס. פ.: — ער אליין! גמ... ס'איז פינסטער, קאלט, און זי זינגט. —

ראיסא: — און איהר... זינקט...

ס. פ.: — אוועק אונזער טשינאָווניק מיט'ן פּאַרטאָפּעל? הערט נאָר, ראיסא, איך וויל מיט אייך יעצט עפּעס ריידען.

ראיסא: — מיט מיר? ערנסט?

פ. פ.: — זעהר ערנסט.... איך בין ווייטער געוועזן ביי ליובאוו'ס עלטערען, זיי ווילען אזוי זי זאָל קומען אהיים, אָבער... מיט איהר איז שלעכט... זיא וויל יט געהן אויף קאָמפּראָמיסען... ווען איי־מיצער וואָלט מיר העלפען!... ווען זיא וואָלט זיך צוריקקערען אהיים, צו איהרע עלטערען צו איהר גלייכען, דאן....

ראיסא: — בראַוואָ ס. פ.! איהר זייט אן אמת'ער קאַריעריסט!

ס. פ..— פאַרוואָס זאָלט איהר ניט זאָגען, אַ מענש וועלכער קען ליעבענדיג ניט פערלירען זיין פּעו'שטאַנד?

ראיסא: — זי וועט ניט געהן... אז זי בעשליסט עפּעס...

ס. .. — קענען די אומשטענדען ענדערען'... וואָס פערדינט זי פון איהרע אוראָקען, פון'ם איבערשרייבענעם? —

ראיסא: — ווען זי וואָלט ניט פערטהיילען אזוי פיעל צו אַנדערע. —

ס. פ.: — ראיסא, איהר זייט דאָך אַ גוטינקע, העלפט מיר (ציהט זי צו זיך) איהר ווייסט, כ'האָב מורא איך זאָל מיך פון הארצוויי־טאָג אמאָל אין אייך ניט פערליעבען.

ראיסא: — אַי, כ'דאַרף אַ געה טאָן אַהיים. —

ס. פ.: — קומט, מיר וועלען אין וועג ריידען.

(זיי פערשליסען נאָך זיך די טיהר, אויפ'ן סצענע ווערט פינסטערער, דער ווינט וואָיעט, פייפט... עס הערט זיך אַ דרייען מיט אַ שליסעל אין טיהר, אַ ריב אַ שוועבעלע, עס קומען אריין ליבע און סאלאמאן. ער צינדט אָן די ליכט, זי טראָגט עס צום לאָמפּ, וויל אַרונטערנעמען דעם קאָלפּאָק, ער נעהמט אַרונטער די פענסטער, ווישט זיי אויס, געהט אין די זעלבע טישזורקע און שליאַפּע וואָס זומער.

סאלאמאן: — לאָזט רעם לאָמפּ; ביי אייך זיינען די פינגער אזוי צופראָרען (ער נעהמט אָפּ איהרע הענד פון לאָמפּ, וואַרימט זיי אין זיינע, דריקט זיי צום מויל... שטיל.... ענטפערט שוין, שפּאָרט ניט קיין ווערטער...

ליבע: — אנדערע... זיינען... רייך אין ווערטער... שבועות; צו זיי קוקט די לבנה... שיינט די זון.... ווינקען די שטערין, זינגען די פייגעל, צו גיסט זיך דער טייך.....

סאלאמאן: — איז.. א יא ווארט....

ליבע: — א זיך אליין אנגעבונדרענער פראטעסטיל פאר יענע שווערע צייט ווען דעם „פריהלינג" קומט פערבייטען דער קאלטער הערבסט.

סאלאמאן: — דעם פריהלינג וועט ניט פערבייטען קיין הערבסט..

ליבע: — וואס פאר א פריהלינג, ווען די טייכען זיינען רויט פון מענשען בלוט!... ווען אט לאזט זיך, ראכני זיך, אראפ דער הי־מעל צו דער ערד, שטערען פאלען און לעשען זיך אוים איינס נאכ'ן אנדערען... מענשען — סקעליעטען שטרעקען אוים זייערע ביינער־הענד, קוקען אהן אויגען... לאכען אהן ציינער... די ערד עפענט פאראיינס איהר מויל, שלינגט איין מעהר און מעהר אפפער אהן א צאל... (מיט שרעק) איהר גערייינקט... די מענשען יאטקע, פלוצלינג, אומגעריכט..

סאלאמאן: — גאר ניט אומגעריכט.. מיר האבען עס פאראויסגע־זעהען, די זאגענגנאנטע „קאנטר רעוואלוציעס" (פּאוזע) גערייינקט איהר דאן אין וואלד, פאר'ן טומעל... אזא רוהיגקייט...

ליבע: —א רוהיגקייט... פאר א שטורם...

זאלאמאן: — אלעס ארום האט ווי געשריען: לעב, גענים, שטרעב!.. דעסטא שטארקער איז דער לעבען ווען ס'קומט נאהענט צום טויט....

ליבע: — ווען איך דערמאן זי דאויף די שווארצע מאה'ס, קאזאקען... פרומע פראצעסיעס... דאס שיסען, דאס טאנצען איבער טויטע קערפּער, פּעדערין, מארך, בלוט...

סאלאמאן: — מען קען דעם פערשטאנד פּערלירען!

ליבע: — מען קען... אבער מען טאר ניט... פערשטאנד איז א געווער פאר שוואכע... איהר גערייינקט די חוליקאנעם? —

סאלאמאן: — איך גערייינק... און ווי שרעקליך שעהן איהר האט אויסגעזעהן מיט'ן געווער אין האנד! איהר ווייסט, אין איין מא־מענט איז מיר דאן ארויפגעקומען א ווילדער געדאנק, צו פער־שטעלען זיך פאר א חוליגאן, ארויסשלאגען דאס געווער פון אייע־

רע הענד און לאָזען זיך פון אייערע פינגער מיך ווערגען, אייערע ציינער זיך איינעסען אין מיר... בייסען....

ליבע: — הערט... ווען איהר וואָלט מיך דאן געפונען א בעליידיגטע א קראַנקע... א־א.. נאָר א לעבעדיגע.

סאלאמאן: —רעדט ניט!...

ליבע: — וואָס וואָלט איהר דאן געטהאָן?

סאלאמאן: — מען קען פון זינען אראָפּ!

ליבע: — און אויב.. מען קען פון זינען ניט אראָפּ?...

סאלאמאן: — צו וואָס וואָלט דאן דער לעבען טויגען?

ליבע: — געווים... געווים... זאָגט, וואָס וואָלט איהר דאן געטאָן?—

סאלאמאן: — איך.. איך וואָלט איך... דאן געהאָלפען שטארבען...

ליבע: — און אליין?...

(ער שווייגט, זי קוקט אים אָן, קערט אָפּ דעם קאָפּ, לאַכט שטיל, גע־צוואונגען, עס קומט אריין סאשא אין א דיקען קורצען פידזשאַק מיט א קארקולינעם קאָלנער און היטעל; בלייבט שטעהן מיט איין האַנד א הינטער זיך ביים טיהר.

סאשא: — כ'האָב אַנגעטראָפען אויף א פערטיגען געלעכטער, כ'וואָלט וויסען וואָס, וואָלט איך העלפען...

ליבע: — א גוטע זאַך העלפען אלע...

סאשא: — אייער געלעכטער זעהט מיר גראדע ניט אוים פון די גוטע...

ליבע: — דאס פרעהט זיך די נשמה וואָס זי בעזיצט א גוף... דאס איז א נשמה געזאנג...

סאשא: — איך פערשטעה עס ניט.. (צו סאלאמאן) אפשר איהר?...

סאלאמאן: — ליבע פיהלט זיך היינט... ניט גוט...

ליבע: — אָ, איך פיהל זיך זעהר גוט (זי צינדט אָן דעם לאָמפּ).

(עס לויפען אריין סערגיי פעטראָוויטש און ראיסא).

ס. פּ.: — מיין אכטונג, ליובאָוו אראנאָוונא! וואָס הערט זיך!? ווארום איז דאָ עפּעס אזוי קאָלט?

ליבע: — עס איז ווינטער, סערגיי פעטראָוויטש!

ס. פּ.: — ס'איז צרות ווי האָלץ און הייצען איז ניטאָ מיט וואָס (בעמערקט סאַשאַ'ן) א איהר? וואָס הערט זיך? מיר רעוואָלטירען

נאָך? גמ... דער רעוואָלוציאָנערער גייסט ווייזט אויס האָט א קנאפּע שליטה צום „ערווארטען רוסישען פאָלק“, ער קראצט זיך די פּאטילניצע און קוקט תם'עוועאטע אויף גאָט'ס וועלטעל... אבי מען האָט נעגלויבט דאָס מיט איין זעטץ — צוברעכט מען די אלטע סיסטעם.

(עס קומט אריין גרונע אין אַ דיקען קורצען מאַנטעלע, אַרומגעדרייט ארום קאָפּ אַ ווייסע וואַרימע פּאַטשיילקע אַריבער די בארשקענע הי־טעלע, האָט אַ פּעקיל אונטער'ן ארם.

ס. פּ.: — א, גרונע, שלום עליכם!

גרונע: — לאנג געזעהען זיך!.... (צו ליבען) די מאמע האָט דאָס זעהר געבעטען צו נעמען, ווארימע זאכען, ס'איז קאלט, זאָגט'צי. מי קען זאַך פארקיהלען.

ליבע (געהט צו צום פענסטער, שפּאַרט צו דעם קאָפּ צום שויב).—

ס. פּ.: — וואָס הערט זיך עפּעס, גרונע, אַ? וואָס שרייבט איך עפּעס אייער געוועזענע פּאָרשטייערקע פון אמעריקא?

גרונע: — וואָס זאָל זי שרייבען? כ'האָב היינט פון איהר אויך א לעטער פּאלוטשעט, נאָר נישט, זי קוקט צאָך דאָרטען צו, און אז זי וועט אלץ־דינג אויסגעפינען וועטצי זאך נעמען טאָן.

ס. פּ.: — וואָס, למשל, כרומה, נאַפּרימער? —

גרונע: — וואָס? דעקלערין די פּאָגראָם, ליגאַלישזירען פּראָפּע־סיאָנעלע פּאראיינען, קלייבען געלד פאר אונזער אָרגאניזאציע, און... מאלע וואָס!

ס. פּ.: — כ'האָב געהערט דאָס אין אייער פּאַך זיינען שעהנע שיקסעם פאראן, טאקע?

גרונע: — געוויס פאראן'ען!

ס. פּ.: — האָבען זיי „געטרעבעוועט“ גליך מיט איך „אַ קולי־טורנע אפּטענאָמע“?

גרונע: — געווים. ראז אַז זיי האָבען פּריזנאַיעט אונזער פּאָגראָם!

ס. פּ.: — וואָהלע גאָיקעס, אבי איך האָב געמיינט, אז זיי פּריזנאַען נאָר אַ קאסטרולינע אווטאָנאָמי...

גרונע: — וואָס!? ראז אַז קענפין, איז גליך מיט אַלעמען....

ס. פּ.: — ע, וויפיעל האָט איהר דאָ אזוי צו קענפען!? —

גרונע: — צו קענפען? שיין גאר א פולע. אנקעגען שונא פון אינוויינינג און אנטקעגען ניעפריאטל פון אויסווייניג. פאר'ן אויסוויינינגסטען דארפען מיר באנבעס, פוליעמליאטען, ליוועררווערען, עקספראפריאטשעס, מיניסטראציעס, ליגאליזירען פראפעסיאנעלע פאראיינען, אגיטשירען דעם ראבאטשין קלאס, מאכען שטרייקס, צומאכען די קראמען, אהא! און מיט'ן שונא פון אינוועניג — מאכען דיסקוסיעס, אויפווייזען אונזער פאגראם, געהן אויף סכאטקעס אין וואלד, זינגען ניליגאלינע ליעדער, איינרופען קרייזען, מאכען פאכ'ן, פראווען אליין לויות און ניט לאזען דאס פראווען נאך אזעלכע, וואס זיינען ניט פון אונזערע אגיטשירטע מיטגליעדער, צוציהען טעליגענטען, פארשפרייטען ליטערטור'שע פאקלאמאטציעס און... מאלע וואס! — (זוכענדיג אין קעשענע) אי א קלאג, כ'האב געהאט א בריוועל (צו ליבען) צו אייך, פון דער היים, האב איך דאס געמוזט פארגעסען ביי מיין בעקאנטען, כ'טו שוין א לאף און ברייננג, איין מינוט (לויפט ארויס).

ליבע (צו ס. פ.): — דאס איז אייער ארבייט.

ס. פ.: — וואס, ליובאוו אראנאוונא?

ליבע: — „קאמפראמיס'ן"..

ס. פ.: — איז דען די ארבייט אזוי פערברעכעריש דאס מען זאל ניט טארען מיט איהר אנגעהן אפען? (ליבע קערט זיך אפ צוריק צום פענסטער) יע, איך בין דעם מיינונג דאס ס'איז פיעל בעסער די היים, ווי עקסטערניטשאיען, נאר.... אז א מענש וויל ניט געניסען פון לעבען... (צו סאלאמאן) אז ניט — איז ניט, געהט פערשטעהט!

סאלאמאן: — איינער שטרעבט צו לעבען, א צווייטער לעבט צוליעב שטרעבען....

ס. פ.: — ס'א שעהנער ווערטיל. וואס פאר א טעם פיהלט איהר אין'ם אייביגען שטרעבען (העכער) וואס, איינציגטליך, ווילט איהר?

סאלאמאן: — ווער קען דאס אויסרעכענען וואס? מיר ווילען ווערען געבילדעטער, גרעסער, שטארקער, זיין אין שטאנד צו פערטהיידיגען די אינטערעסען וועלכע זיינען פאר אונז וויכטיג,

נאָהענט און טהייער, דיענען דער מענשהייט, אונזער פאָלק, קלאַס. מען מוז זיך דורכברעכען אַ וועג דורך פיעלע שטערונגען, עס פערשטעהט זיך, מען מוז בעזיצען אַ שטאַרקען ווילען, גוטע פעהיגקייטען.

ס. פּ.: — ווער פון אייך מיינט עס ניט דאָס ער בעזיצט עס ? — מיינט, און שלעפּט זיך אַרום מיט דעם מיין איבער שטעדט און שטעדטלעך, וואַלגערט זיך, ליידט הונגער, קעלט, וואו איז דער טעם ? !

סאלאמאן: — מאַכט בעסער... אַ סך, אָט געהען אוועק פון רייכע עלטערען און ווילען ניט „גענניסען פון לעבען", עפּעס מוז דאָך דאָ יע זיין וואָס אזוי מענשען קאַריעריסטען קענען ניט... פערשטעהן....

(ליבע ציהט זיך צוריק פון פענסטער און געהט אַרויס פון צימער, אַלע קוקען זי נאָך. סאַלאַמאַן קוקט פון דער זייט אין פענסטער, ס'הערשט אַ שטילער, שווערער שווייגען.)

ליבע (אריינקומענדיג שטיל מיט אן אונבעשטימטען שמייכעל): — בעשלאָסען אַ גוטע זאַך... געבען אַ זינדיגען רוה... דער בעל הבית שרעקט זיך פאַר אַ נאַפּאַסט... איך בין איב גראַדע געפעלען, נאָר די וואָס קומען צו מיר זיינען אים... ניט צום האַרצען, עס וואָלט בעסער געווען... איהר זאָלט מיך פריהער פערלאָזען... איך וועל מיט דער צייט געפינען אן אנדער קוואַטיר, אביסעל ווייטער פון דאַנען....

ס. פּ.: — ליובאָוו אראַנאָוונאַ, אין דער היים...

ליבע: — נאָכ'ן טויט...

גרונע (אריינלויפענדיג האַסטיג) קאַם מיט צרות געפינען !

(ליבע נעמט ביי איהר פון האַנד אַ בריעף, לעזט עס, איהר געזיכט ווערט טרויעריגער, דריקט אויס פערדרוס).

ס. פּ.: — מעג מען פרעגען וואָס מען שרייבט אייך ? (ליבע גיט אים דעם בריעף, ער קוקט דורך און פרעגט:) איז ערלויבט צו לעזען הויך ? (זי טוט אַ מאַך מיט'ן קאָפּ, געהט אַוועק הינטער די שירמעס, ער פאַנגט אָן לעזען:) לבתי היקרה מרת ליבע דבורה ת"י !

ראיסא: — זעהט, דבורה אייך ?.... ווערא, עס פעלט נאָך אַ

נאָמען נאַדיעשדרא, וואָלט עס געווען „וועראַ, נאַדיעשזדא אי ליובאָוו!

ס. פּ.: — געענדיגט? גוט, יעצט לאָזט זָעזען ווייטער: „אפשר וואָלסטו אויף דיין לאַסקע קומען חוץ ביז מיר וועלען צוריק־קו־מען אַהיים, אויב דו ווילסט ניט אין גאַנצען, מיר פאָרען צו אונזער פּראַדען, זי ליעגט אין קינפעט מיט אַ מיידיל. אויף גרונען קען מען זיך ניט פערלאָזען, דאָס איז אַ לא יצלח, נעכטען האָט זי זיך שוין איספּראַוועט מיט׳ן גוטען לאַמפּ ווי זי טהוט זיך אַ קער, פאַלט נאָך איהר, און פּרואוו זאָגען איהר, סטראַשעט זי מיט שטרייקס, פאַרהאַלט זי ניט לאַנג, אַז זי געהט אוועק פער־געסט זי צו קומען“.

ממני אביך המצפה הצלחתך, אהרן ב״ר מנחם ז״ל.

—„יע, די מאַמע בעט מיט טרערין דו זאָלסט קומען מיט אַללעמען מען דערצעהלט איהר דאָס דו געהסט איין פון טאָג צו טאָג, קום אהיים, פון דעם איינרייסען אַ וועלט, וועט קיין גוט׳ס ניט ארויסקומען, ווייטער ווערסטו דאָך מסתמא טאָן ווי דו פער־שטעהסט — בערעכען זיך ב ע ס ע ר וואָס דו טהוסט. הנ״ל“.

ס. פּ.: — גאָספּאָדא, מיר זיינען דאָ אייגע־ע מענשען, מיר קענען ארויסזאָגען אונזערע מיינונגען וועגען דער זאַך.

סאשא: — אז מען וועט איך פרעגען...

ראיסא: — איך אויף ליובא׳ס אָרט, וואָלט צוריק אַהיים געגאַנגען....

סאשא: — איהר וואָלט גאָר בעסער פון דערהיים ניט אוועק...

גרונע: — איז מיט וואָס געה איך אוועק?

ס. פּ.: — שטעהט נאָר, ווען פאָהרען זיי?

גרונע: — אי ווי ער מאַכצאַך דאָס ניט וויסענדיג!...

ס. פּ.: — קומט מאָרגען פריה.

ליבע (ווייזענדיג זיך הינטער די שירמעס צו ס. פּ.): — רעדט ניט פאַר מיר. (צו גרונען) און איהר זאָמט זיך טאַקע צופיעל, געהט אהיים, און נעמט מיט דעם פעקיל — ווארימקייט... איך האָב גענוג... אַלע מעגען שוין געהן, איך האָב נאָך היינט פיעל וואָס צו טאָן.

סאלאמאן: — בלייבען... העלפען איך?

ליבע: — ניין. (צו גרונעו) זאָגט זיי צו דאָס איהר וועט אליין גוט אכטונג געבען (זי גיט איהר אַ פינגעריל).

גרונע: אַי ס'ארא שיינינקער רינגעלע! איך'ל זאָגען דאָס איהר וועט קומען ראז אז איר'ט קענען...

ס. פּ.: — און דאָס איך וועל קומען נאָך ליובאָוו אראנאָוונא (ווערט פרייליך, שלעפּט ראיסאן ווי צום טאַנצען). מיר קערען זיך הייסט'ס אום צו אונזער ליעבעס פאטער־לאַנד! (זינגט): „ניט לאַנג וועט דויערען דער ווינטער, זומער איז ניט ווייט!“

ראיסא: — איהר זייט פון זינען אראָפּ?

סאלאמאן (צו ליבען): —איהר האָט מיך ניט פערשטאַנען...
(סאשא לויפט האַסטיג אַרויס פון צימער).

ליבע: — איך וויל בלייבען אליין.

ס. פּ.: — אז געהן — איז אלע, נו'ס מאדעמואזעל גרונע, ביטע, אָט איז די טהיר (צו ראיסא) פאָרווערטס! (זעגענען זיך, סאלאמאן קוקט זייער טרויעריג, ליבע בלייבט אליין פיהרט מיט'ן האַנד איבער די האָר, איבער'ן שטערען, ליגט איבער איניגע פּאַפּירען געהט ארויס, קומט אַריין צוריק מיט אַ שוואַרין קעסטעלע, ' פערשליסט נאָך זיך די טהיר, נעהמט אַרויס פון קעסטעלע אַ רעוואָלווער, קערט עס, בעטראַכט פון אַלע זייטען ליגט עס צום שטערען, שמייבעלט סאַקראַס־טיש.... עס הערט זיך אַ שטילער קלאַפּען אין טיהר, זיא בעהאַלט אַלעס שנעל, אין טיהר ווערט דער קלאַפּען שטאַרקער).

ליבע: — קטאָ טאָם? ווער? סאשא? וואָס ־יז געשעהן? גאָר ניט.. ניין... איך מוז? (זי שליסט לאַנגזאַם אָפּ די טיהר).

סאשא (שטיל): — אליין?

ליבע: — איך האָב געבעטען ניט קומען היינט מעהר...

סאשא: — נו, טרייבט מיך ארויס...

ליבע: — צו וואָס, איהר וועט אליין אוועקגעהן.

סאשא: — פיליכט ניט אזוי גיך ווי איהר ווילט עס... הערט.... איהר גיט נאָך ס. פּעטראָוויטש'ס ווילען? איהר געהט טאקע אהיים? א! ווי נור איהר דערזעהט איהם — כאפּט זיך אין איך אויף די בורזשואזנע פּסיכאָלאָגיע, ס'איז א וואונדער פאר וואָס איהר זייט שוין לאַנג ניט אוועק, וואָס האָט איך דאָ אָפּ־

געהאַלטען (ליבע געהט ארום איבער'ן צימער) זעצט זיך, ווען איהר געהט ארום, דוכט זיך מיר — איהר שטעהט ניט אויף איין אָרט.. אַט געהט איהר, רוכט זיך אוועק ווייט, ווייט, הערט, איך טראכט פון בעגעהן זעלבסטמאָרד, ווי טרויעריג דאָס וואָלט געווען... ניין? אן אמת'ע דראמע...

ליבע: — די דראמע איז אין לעבען.

סאשא: — און דאָס זאָגט איהר? איהר וועלכע געהט אוועק געניסען פון לעבען? איהר וועט זיך דאָרט ליגען אין סאָד, אויפ'ן גראָז, און אויסהערען ליעבעס ערקלעהרונגען פון אַ סערגיי פעטראָוויטש, פון אַ אינטעליגענט פון אַ אונזער ברודער פראָלעטאריער, עך, ווייניג זיינען פאראן וואָס לויפען אליין אין פייער? פערליבען זיך אין דער קאַלטער לבנה ווילען און קענען זי ניט דאלאנגען... פאַרוואָס, פאַרוואָס האָב איך איך אזוי ליעב! (ער זינקט די קאָפּ צום ווענטיל פון שטיל. ליבע אַוועקלייגענדיג אַ האַנד אויף זיין אַק־סיל, בייגט זיך אָן צו איהם):

ליבע: — סאשא, געהט אהיים...

סאשא: — אזוי... איהר טרייבט מיך.. (פלוצלינג) נעהמט צו אייער האַנד! (שטעלט זיך) אַוועק געהן? גוט. איך געה, איך וועל מיך מעהר ניט בינדען צו אייך, „פערבלאנדזעטע צווישען ארבייטער פרינצעסין! איך האָס אייך... איהר הערט? איך האָס אייך מיט אייער פערטהיידיגען אונזערע אינטערעכען איהר אינטעלעגענ־טע פאָרשטעהערין. איהר נעהמט אוועק די נשמה און געהט פער־זאָרגען דעם מאָגען, איך האָס אייך!... (ער פאַלט מאַכטלאָז אויפ'ן שטול).

ליבע: — סאשא, סאשא, וואָס איז מיט אייך? (זי געהט צום קרוג נעצט איין אַ טיכעל לייגט אים צום קאָפּ, פערבינדט)..

סאשא: — מיר איז שלעכט ס'איז אזוי שווער צו ליידען... איך האָב אייך בעליידיגט? — און איהר? איהר שווייגט (ער כאַפּט איהרע הענט) ניט גלויבט מיר.... איך האָסען.... ווי קען מען? מיר איז אזוי שלעכט, ליובא, אזוי שלעכט און איהר טרייבט מיך, לאָזט מיר דאָ זיצען, נור קוקען אויף אייך...

ליבע: — מען קען ניט סאשא, גלויבט מיר... נו, איהר פיהלט בעסער?

ס א ש א . — בעסער? זאָל זיין בעסער.... ליובא, זאָגט נאָר, האָט איהר מיך ווען געליבט? איהר שווייגט... ג־ו־אוט... איך געה אוועק. נאָט, נעמט מיר אראָפּ די קאַלטע רפואה... (ער שטעלט זיך, בייגט צו די קאָפּ צו איהר, און ווען זי נעמט אָפּבינדען די טיכעל, כאַפּט ער זי האַסטיג ארום ציהט צו זיך און קושט זי לײדענשאַפּטליך...

ל י ב ע : — סאשא !... סאשא!...

ס א ש א (ווי פון שלאָף) : — וואָס... אוועקגעהן? איך געה (קוקט זי אָן ווי פער׳חלום׳ט) ליובא, זאָגט יעצט גאָר נישט... איך געה... ליובא... (וויל ווי עפּעס זאָגען, טהוט אַ מאַך מיט׳ן האַנד, לאָזט זיך געהן צום טיר מיט שוואַכע מיעדע טריט, טהוט זי האַסטיג אָן עפען און לויפט אַרויס).

(ליבע — קוקט איהם נאָך טרויעריג. דריקט זיך די נאַסע טיכעל צום שטערען, נעהמט ווייטער דעם רעוואָלווער, בעטראַכט איהם, עס לויפט אריין גריגארי — זי טרעט אָפּ צוריק קוקט איהם אָן פראַגענד: —)

ג ר י ג א ר י : — איך האָב געמוזט פערלאָזען מיין פּאָסט אום אָנצו־זאָגען אייך.. דאָס.... דער גובערנאטאר פאָהרט ניט דורך סאבאַרנע נור דורך ענסקער גאַס, נומ. 14. איהר מוזט שוין געהן, ווען ניט קען זיין צו שפּעט....

ל י ב ע : — שוין ! . . . (כאַפּט זיך פאַר׳ן האַרצען; — ענטשלאָסען אַרויס־כאַפּענדיג אויף זיך אַ לאַנגע, שווארצע פּעלערינע, אַ מאַכטאָנדיג מיט׳ן קאָפּ און רעוואָלווער — לויפט אוויס, נאָך איהר — גריגארי.)

פ אָ ר ה א נ ג ש נ ע ל.



# פיערטער אקט

אויף מאָרגען, ביי אהרון אין הויז. אלעס קוקט אויס אָבגעניצטער. אויפ'ן טיש אַ ביליגער לאָמפּ. די פּאַרטיערע פון ליבעס צימער איז צונומען, פון דאָרט זעהט זיך אַ טיש מיט שטולען ארום. ביים טיש זיצט גרונע און לושטשעט סעמאָטשקעס, לעבען איהר —לייזער אין אַ רויטער רובאַשקע מיט קוטאַשען. זי קוקט אויס אין כעס, געהט, זעצט זיך ביים פענסטער אין זאַל. די פענסטער איז פערפראָרען, דער ווינד רייסט די לאָדען. לייזער קומט גלייך, זעצט זיך לעבען איהר.

---

לייזער: — זאָג נאָר, וואָס בלאָזטו זיך אַזוי? מיינסט אין דער אמת'ן, אז דו ביזט געוואָרען די גלאַוונע פּאָרשטעיערקע פון דיין פאַך דארפסטו זאך דויען?

גרונע: —איך טרייסעל אויס אַזעלכע ווי דו צו 7 פון איין ארבעל!

לייזער: — אַזאַי? לאָז אקאָרשט זעהן די יאַטין? ... וואָס ווילסט דו, וואָס?

גרונע: — גאָר נישט... ראז אז דו ווילסט...

לייזער: — מאַלע וואָס איך וויל! ס'איז ראז אז מע הייסט... מע הייסט סטרייקען אי באלישע ניקאַקיך! עפּעס צום שלים־מזל דארפען אויף האָבען מזל: ביי אנדערע זיינען די בעלי־בתים רייכע — קענען זיי נאָכגעבען, ביי מיינעט, נו, בין נעכטען ווייטער געוועזן מיט אַן התראה פון צע. קא. — איז פינסטער ווי אין אַ גרוב, קאַלט — חאָץ טרייב וועלף. ער זיצט אַ צונויפגעהאַרבעטער ביי דער קאַלטער הרובע, הוסט. זי — אין אַ בעט שמאַטעס מיט זייער אָפּגעריסענער, באָרפוסער קאַפּעלע אין שילט אונז...

גרונע: — צו איהר זאָל דאָס אויסגעהן. געהערט? — גאָר שילטען זיך!

לייזער: — וואָס ביזטו, שרייט זי, געקומען היינט אָן חלאָפּעס,

שטעקינס און סטראַשענקעס, בונט פּאַרשיווער! שטראָפירט נו, נעמט אַראָפּ די ארבייטער, זיי פּגר'ן דאָך פאר הונגער, גוט אזוי, אז פּגר'ן איז אַלע! און די קינדער האָבען זיך צואווייינט און זי גיט זיי אזעלכע שטוכאקעס אז עס טהוט וועה די הארץ אויף זיי...

גרונע: — ראַז אַז די קאָנאָמישע אומשטענדנים — פּאָדערען און די פּאָגראָם טרעבעוועט — איז ניטאָ קיין רחמנות'ן.

לייזער: — כ'האָב אַ קלער געטאָן אַ לאָז טאָן זיך איבערן שטאָדט אויפמאַכען האָיז אויף האָלז, אָט האָבען שכנה דעם שניי־דערס אַרבייטער אויך געסטרייקט ביז זיי זיינען אַוועק פאר אים אויפמאַכען אַ נדבה....

גרונע: — שיין פאר דיר אויך בעדאַרפט פאר איין גאַנג....

לייזער: — פאר מיר? ע, כ'האָב אַ פּאָר הענד, טו נאָר אַ קוק הענד! (דריק שטאַרק איהרע אַרמס).

גרונע: — לייזער, הער אויף, איך'ל אַ ביס טאָן ס'ט'זען!

לייזער: — גרונע, ניט בונטעווע זאַך... נאַ ביים! (שטעלט איהר צו דעם לאַדאָן צום מויל. — טריט. עס לויפט אריין סערגיי פּעטראָ־וויטש, בעדעקט מיט שניי. לייזער לויפט צום טיהר.)

ס. פּ.: — א, דער „בעקאַנטער“ וואָס טהוט איהר דאָ?

לייזער: — איך? איך העלף גרונען אכטונג געבען אין שטוב...

ס. פּ.: — איז דאָ ווער געווען? . . .

גרונע: — ווער'ט איהר געוואָלט. זאָל זיין? איר'ט דאָך געדאַרפט גיין נאָר איהר....

ס. פּ.: — בין געווען און ניט געטראָפען. אפשר ווייס ראיסא וואו זי איז?

גרונע: — פון וואַנען זאָל איך וויסען וואָס — ראיסע ווייס? (ס. פּ—אָפּ) ען, ראַק מע לויפט, אן איינגעלאַף אַף זיי, אָט ווי די פּאַר־סם'טע מייז!

לייזער: — היינט לויפען אלע ווי פאַר'סם'טע... ווער'ט'ס עס גע־קענט שיסען?

גרונע: — דעם גובערנאטער? געוויס א בונדאָוועץ...

לייזער: — און איך האָב געהערט, אַז דאָס האָבען די עס־ער'אָוועצעס. אפּגעארבייעט האָטאָס דייקע א מיידעל, מען האָט זי בעסער

געזען ניט ווייט פון זיין קאַרעטע און ניט גענומען דערנאָך ערשט
האָט מען זיך געכאַפּט זוכען. הער נאָר, זי מוז וויסען ווער...

גרונע: — אז יע, וועט צו דאָס כאַפּען גיכער דיר דערציילען....

לייזער: — אַזאַ? און וואָס איז קאָנספּיראַציע, א הונט? — זי
האָט וויפיעל מאָל, זאָגט'ן, גערעדט מיט'ן גובערנאַטאָר. זע נאָר,
אַ בורשזו'ס א טאָכטער און אַזאַ פייערדיגע רעוואָלוציאָנערקע. אי
וואָלט'ן זיי מסתמא וועלען זי אומקערען צוריק.

גרונע: — מאָלע וואָס מען וויל... (ארויסקוקענדיג דורך'ן פענסטער)
אי, איך וואָלט שווערען אז זי געהט דאָרטען... מיט וועמען? איך
דערקען ניט, אין אַזאַ מין מיטיעליציע.

לייזער (מאַכענדיג מיט'ן האַנד אַ רעדעלע צום אייג): — דאָס איז דאָכ־
צאָך דער וואָס'ט דיסקוטירט אפּען „סכאָטקע" מיט אונזערען.
ט'אופגעוואָרפען א גילאַטעטע פּאָגראַם, פאַרפיהרען די מאַסע
מיט נאַציאָנאַליזם און אריינטרעטען אין דער עס־דעק'ער פאַרטיע
אי ט'עם אונזערער געזידילט! — גירדיינקסט?

גרונע: — יע, דער אַז ס'צויאָגט צאָך, איז ניט איינצוהאַלטען, א
פאַרקאַכטער פּועל־ציונק — זע נאָר וואָס פאַר א מיאַטעליצע, ווי
עס דרייט, אימיצער האָט־צאַך היינט געמוזט אויפהיינגען.

לייזער: — זע נאָר, זי איז א עס־עראָווקע, ער — א פּועלי־ציונק
און זיי גייען דאָס ארום און אלץ....

גרונע: — ביי די טיעליגענטען איז אנדערש ווי ביי די מאַסאַווע;
זיי ארט ניט (זי לאָזט זיך פלוצלינג צום טיהר).

לייזער: — טפּרואו... א וואוהין?

גרונע: — לאָז! זעהסט, זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אן סלופּ... קוקט
אהערצוצו, גיכער, צינד דאָ אָן דעם לאָמפּ... נאָר ניט צוברעך —
און געה ארויס אין קיך! (זי לויפט אַרויס. לייזער צינדט אָן דעם
לאָמפּ. געהט אַוועק אין קיך. עס ווייזען זיך אין טיהר גרונע, ליבע,
סאַלאמאַן. ווייס פון שניי. די געזיכטער אָנגעפּראָרען).

גרונע: — קומט אריין, זיי וועלען ערשט קומען מאָרגען, מעג איך
קריינקען אויב ניט. אפשר ווילט איהר טיי? צובייסען? זייט
דאָ, ראַז אז קיינער איז ניטאָ, טו'ק וואָס־זשע אַרט אייך? (ציהענ־
דיג פון איר דעם מאַנטיל) האָן איבערוואַרטען די מ'אַטעליצע...

ליבע: — שוין באלד צוויי יאָהר און... אלץ דאָס זעלבע... מעהר נישט — אָפּגעלאָזענער... (קוקט אריין אין איהר צימער) א־א.... אן ענדערונג... (האַלט זיך אָן אין וואַנד שטעהט אַ צייט שטיל) אלעס ארויסגעוואָרפען....

גרונע: — אַלץ ליגט בעהאַלטען, קומט זעט וואו....

ליבע (צו סאָלאמאן, מיט אַ ביטערען שמייכעל): — זיצט, בעטראַכט דאָ דערווייל די שעהנע בילדער וועלכע מיר שאַפען אין דער פּראָווינץ!... (געהט נאָך גרונען. סאלאמאן קוקט ארויס אין פענסטער, שטאַרק צוטראָגען).

גרונע (ארייןקומענדיג צוריק, צו ליבען): — אָט טאַקע נאָר אַף א ווייליקע, כ'וועל זאַך ניט זאמען, דאָ ניט ווייט, איבער'ן גאַס (אָפּ).

ליבע (בעטראַכטענדיג אַ קליין פּלעשעלע): — אָט דאָס האָב איך א מאָל געוואָלט האָבען אים פאַל איך וואָלט וועלען אן ווען עס איז הילף שטארבען.... אין די שווערע צייטען ביטערע, קען מען, זייענדיג אונטערן שוטץ פון טויט לעבען און לעבען ווען מען זאָל האָבען יאָהרען... פריהער אַרט דער לעבען אן לעבען, שפּעטער — הערט עס אויף... און ווען דער לעבען הייבט אָן בעלאַנגען דער מענשהייט — האָט מען שוין קיין רעכט צו נעמען אום זיך...

סאלאמאן: — ליבע... איך בין אויסער זיך... מיר... מיר גלויבט זיך ניט... דאָס איהר... ווירקליך איהר... ליבע!... (זי שאָקילט טרויעריג מיט'ן קאָפּ) וואָס איז אייך דערפון.... וואָס וועט יעצט....

ליבע: — וואָס איז מיר דערפון... גאָרנישט... ניין, זעהר פיעל... יעצט, ווען נאָר מיר זאָל דערפון וואָס זיין... ווען נאָר מיר...

סאלאמאן: — מיך שרעקט יעדער שאָרך... און איהר, פאר וועמען איך פיהל דאס גאַנצע שרעק, זייט אזוי קאַלט. אזא רוהיגקייט אליין איז שוין פערדעכטיג...

ליבע: — זאָל איך מיר סטארען אומרוהיגער צו זיין?

סאלאמאן: — ווער ווייס אויב אלעס איז שוין ניט ענטדעקט.... נעכטען... דער שטן אונטער אייער פענסטער.... איך האָב מורא ס'איז געווען א שפּיאָן און.... אייער רוהיגקייט.....

ליבע: — זאָל זיך א חוץ מיין שאָדען אייך איבערגעבען... דאָס מורא פאר'ן טויט פערקירצט דאָס ביסעל לעבען... איך האָב אלעס גע־

מעגט ערווארטען... (פּאַוזע, שטיל, מאַנאָטאַניש,) נעכטען... ביז איך האָב איהם — דערזעהן... אונזער שטאָדט בעל־הבית, ארויס־שטייגען פון זיין קארעטע — האָט עס מיך געלאַנגווייליגט... איך האָב דאָך געמוזט שנעלער אויספיהרען דעם פּסק... ווי אַן אונ־לעבאַרער געגענשטאַנד האָט ער מיר אויסגעזעהן... מאָדנע... ראַכט זיך, איך האָב צו איהם אפילו קיין שנאה ניט געפיהלט, אַן אונ־בעוואוסטע קראַפט האָט ווי בעפוילען: „שיס!" איך האָב אויס־געשאָסען און אין הארצען האָט זיך דאַן ווי עפּעס — אָפּגעלעי־סען — — (שטיל, ווי פאַר זיך) אַ טומעל... עס לויפט אַ צושראָ־קענער אונזער פּריסטאַוו.... מען פרעגט: „וואָס איז?" אלע לויפען — איך אויך... איך קום צו זיך — טו זיך אַ וואָרף אין בעט און קען די אויגען ניט צומאַכען; אַ גאַנצער שטורם קומט מיר אין קאָפּ... אַ ווילדער הורזען, שזומען אין די אויערען... איך וואַרט מיט אָפענע אויגען אויף טאָג.... וויל אָבגעבען זיך רעכענונג פון אַלעם וואָס איך האָב געטאָן.... אונטערפיהרען אַ איטאָג, און.... עס שפּרינגט פאַר מיר ארויס אַלע ווייַלע אַן אנדער ציפער... — עס האָט זיך פערוואָלט האָז נאָך איינמאָל זיין אַ קינד ביי מיינע עלטערען... ווען זיי וועלען דאָס ערפאַהרען... (ברעכט די הענד).

סאלאמאן: — ווען איך וואָלט אייך נעכטען ניט געפאָלגט און גע־קומען... וואָלט עס ניט געשעהן... איך בין שולדיג....

ליבע: — וואָס עס איז געשעהן — האָט געמזיט געשעהן... אַנגענומען האָב איך דאָס ווען ענערגיע, קאָמפּעטענץ איז געוועזן פיעל... אויספיהרען איז דאָס אויסגעקומען, יעצט... יע... איך האָב דער־פיהלט, נאָך דעם שאָס דאָס ס'איז שוין פערנוצט דאָס לעצטע ביסעל פּולווער... דאָס ס'איז אַלעס אומזיסט, פערלאָרען.... פער־לירען אַ אידעאַל איז פיעל שווערער ווי עטוואָס רעאַלעס.... דערפאַר פיליכט, ווייל דער אידעאַל איז הויך, גרויס, אַן אַגרע־ניעז אָן אַ מאָס.... איהר האָט מיך געפרעגט צו האָב איך אַ טראַכט געטהאָן וועגען אייערע שטרעבונגען, וועגען די גרויסע האָפנונגען אויף די פּראַקטישע אַרבייט אין פּאַלעסטינאַ... יע... אָבער — עס איז דאָך שווער... און דאָס וואָס איך האָב געגלייבט — האָב איך פערלאָרען דעם גלויבען — קומען צו זיך נאָך אַזאַ פערלוסט

איז שווער — און די שווארצע מאכט פערכאַפּט וואָס ווייטער — מעהר און מעהר — פאר יעדען צופאל... יאָך יעדער שאָס אין א טשינאָווניק — פאלען אָפּפער אָן א צאָל... וואו נעהמט מען קרעפ־טען פאר נייע שטרעבונגען ? — פייער דארף מען האָבען, נאצ־יאָנאלען שטאָלץ, ווילען, גלויבען ! . . . אוֹיינגעשלעפּט — ווערט מען אין שטורם שטארקע, גאנצע און ארויגעוואָרפען קריינקע, צו־בראָכענע... ווען אלעס וואָלט געני־מען אן אנדער ווענדונג ! — — ווי פערטרייבט מען פון זיך די שרעקליכע בילדער; איך זעה מענ־שען צוריסען, צושניטען אין שטיקער... איך דערקען אין זיי מעהר מיינע... מיינע ! ./. (זי פאַלט אין שטול, דרייט זיך קראַמפּהאַפט צו־זאַמען, שוידערט, צועפּענט ברייט די אויגען, הערט זיך ווי צו צו עפּעס) וואָס פאר א בייזע — רוהיגקייט ארום....

סאלאמאן: — א רוהיגקייט... נאָך א שטורם...

ליבע: — און.... פאַר אַ שטורם.... (דער ווינד וואָיעט שטאַרקער, עס לויפען אריין, ס. פּ. און ראיסא).

ס. פּ.: — אך, ענדליך זעה איך איך ! ווי צופרידען איך בין ! (סאַלאמאן אָפּ צום פענסטער) נאָר וואָס עפּעס אזוי.... שטיל ? . . .

ראיסא: — סערגיי פּעטראָוויטש איז היינט דער טומעל אליין.

ס. פּ.: — אלץ צוליעב'ן גובערנאטאָר, א מפּלה וואָלט איך זיך אויף איהם ריכטען... ניין, איהר פערשטעהט ? איך, — אייגענטליך, שטעה ניט פאר טערראר, נאָר אז מען ראַמט אָפּ אַזאַ בריאה — טהוט עס מיר הנאה (צו סאלאמאן) א ? וואָס זאָגט איהר צו דעם ?

סאלאמאן: — — — — — איך זאָג גאָר נישט....

ס. פּ.: — מאָרנע מענשען ! קלאָגען אויפ'ן לעבען פון אזעלכע פאַ־ראזיטען און פרייען זיך ניט אויף זייער טויט... איך וואָלט נאָך בעסער וועלען וויסען — ווער איז דאָס געוועזן דער שיסער.

ראיסא: — דער שיסער ! אפשר גאָר א שיסערקע ?

ס. פּ.: — זאָל זיין א שיסערקע, אויב א שעהנע וואָלט איך זי נאָך א קוש טאָן, נאָר דאָס רוב זיינען זיי ניט קיין שעהנע, שעהנע בעשליסען זיך זעלטען צו שטעלען דעם לעבען אין קאָן... זיי דארף ציהען צום לעבען — אן אנדער לעבען ! . . .

(עס קומט אַריין סאשאַ, בלאַס, אַטהעמט שווער, בלייבט שטעהן מיט איין האַנד אַ הינטער זיך ביים טיהר, צו ליבע'ן — בעטראַכטענדיג אַלעס ארום

סאשא: — אויף א פאר ווערטער — אייך אליין.

ס. פ. (מיט שפאט): — און ניט וועלינדיג שטערען — פערלאזט ער דעם זאל!.... (רופט נאך זיך ראיסא. אפ).

סאשא: — מען ארעסטירט א מאססע מענשען — עס טראגען זיך פערשיעדענע קלאנגען...

ליבע (אויפשפרינגענדיג פון שטול): — וועגען א — — פאגראם?...

סאשא: — וועגען דעם אז עס וועט וואס זיין ווען די ארבייטער פון ענסקער פאבריק העלפען...

סאלאמאן: — העלפען? — — וועמען?....

סאשא: — וואס הייסט וועמען? (צו ליבען) האט איהר ביי זיך וואס פערדעכטיגעס? גיט מיר.

ליבע: — ניין... ניין. (פאלט צוריק אין שטול).

ס. פ. (דורך די האלב אפענע טיהר): — גאספאדא, צופיעל קאנספי־ראטציעט איהר מיר, איך פערליר דאס געדולד (ער קומט אריין לאנגזאם מיט ראיסא) ראיסא זאגט פאר, זי טרעפט אויפ'ן האנד, דאס איך וועל נאך אמאל גליקליך זיין. (צו סאשא) גלויבען איר?...

סאשא: — וועמען ארט דאס!.. (אפ צום פענסטער).

ס. פ. (צו ליבען): — נו, צו וואס עפעס אזוי טרויעריג? איהר קוקט אזוי מאדנע... (צו סאשא) איהר אויך, יחסן'דיגער פראלעטאריאט, — זאלין פון אונזער ערד (צו סאלאמאן) אויך איהר, הייסעסטער עלעמענט פון אונזער צייט (צו ראיסא) און איהר, בייגקענדער מאטיוו? נו, הייבט אן; עפעס פעלט, — עפעס נאגט — עך, איהר אלע דונקעלע הערצער קוקט מיר אויס ווי פאר א הינריכטונג (מיט א געמאכטע, וויינענדע שטימע:) גאספאדא, ראז אז איך בין ניט קיין אגיטשירטער מיטגליעד, דאפט איהר זאך מיט מיר ניט טערעסירען? א טעליגענט בין איך דאך, ציט מיך צו, דער־קלערט די פאגראם איך'ל העלפען קענפען און — מאלע וואס! (צו ליבען ווען זי נעמט ארויס פון קעשענע א פאפיער און שרייבט עפעס ביים ברעג טיש). וואס איז דאס, ליובאוו אראנאוונא, אפשר א סמערטנער פריגאוואר פאר מיר?... גוט, אויב מיר איז באַ־שערט צו שטארבען — זאל עס זיין דורך אייער האנד... (ער שטעלט זיך מיט די הענד ארויף) נאט, שיסט, שיסט מיך ארויס

פון דער זינדיגער וועלט — איך וועל אהין קומען מיט א קלאָג צום גובערנאטאָר וועל זאָגען: גאָספּאָדין נאטשאַלניק, פּאסמאָטריטיע טשטאָ וו׳וואשעי גובערניאי דעלאיעטסיא :—טרייע בירגער ווערען פערפאָלגט... וואָס... קוקט איהר אַזוי ?....

סאלאמאן: — סערגיי פּעטראָוויטש, וואָס פאר קאָמעדיעס — דאָס פּאַסט — —

סאשא: — פאר אזא קאמעדיאנט ווי ער איז.....

ס. פּ.: — עס איז אונטער פאר מיין ווירדע צו ענטפערען אזעלכע טאקטלאָזע — גמ... „פּראָסטקייט איז ערגער פון גניבה“...

סאשא: — גמ.... עס פרעהט מיך זעהר צו געפינען זיך אין די געזעלשאפט פון „טאקטישע“ איך בין דאָ ווייזט אויס ניט אם פּלאַטץ — צו פּראָסט. — א בעל הבית׳שע טאָכטער דארף טאקע וויסען צו האלטען פון זיך אן ארבייטער פון ווייטען, אדיע. איך וועל קומען אַמאָל אויף איין איינלאדונגס קארט אונטערגעטריבען פון סערגיי פּעטראָוויטש...

ליבע (פערשטעלט מיט איין האַנד דאס אָנגעשריבענעס. צו ס. פּ.): — דאכט זיך, איהר האָט בעליידיגט... סאשא׳ן, ענטשולדיגט איך פאר איהם... איהר דארפט זיך ענטשולדיגען...

סאשא: — איך נעהם ניט אָן קיין ביטע אום ענטשולדיגונג פון אזעלכען — אויף עמעס בעלייד׳גונג איך שפּיי!

ס. פּ.: — די סצענע הייבט אָן צו ווערען גאנץ אינטערעסאנט...

סאלאמאן: — ליבע, איהר דארפט שוין אוועק געהן... קומט. —

סאשא: — וואוהין... צו וואָס ?... דאָס „באשערטעס“ וועט נאָכלויפען....

ס. פּ.: — א שטיינדעלע אין מיין גאָרטין... (צו ליבען), קומט, איך געה אויך....

סאשא (צו ליבען): — איך וואָלט אייך וואָס געוואָלט — פרעגען, נאָר אייך — און פּאָדער....

ס. פּ.: — נו, פאר דער קאָנספּיראציע געה איך ניט ארויס....

סאלאמאן: — קענט איהר ניט ארויסטרעטען מיט — אייערע פּאָדערונגען ביי א מעהר גינסטיגען מאָמענט? ליבע — פּיהלט — היינט....

ס א ש א: — איהר ווייסט אלע מאָל ווי ליבע פיהלט!... ווייניג גינס־טיגע מאָמענטען פאלען פאר מיר אויס... און קאלטע רפואות קענען ווייניג וואָס העלפען צו הייסע פראגען.....

ס. פ.: — ליובאָוו אראנאָוונא, איך וואָלט פּראָטעסטירען.

ס א ש א: — ווענען ס'איז איינג — קען אוועק געהן...

ל י ב ע: — אָ, דאָ קען בלייבען און ריידען... יעדערער...

ס א ש א: — אזוי... יעדערער...

ל י ב ע: — נאָר ריידען — צו דער זאך.

ס א ש א: — אזוי ווי עס ריידען טאקטישע לומפּען... פּראָליעטאריער — איך קען ריידען ווי איך קען — מיך האָט מען בעסער ניט געלערינט. ווערטער איז אן אידעלע זאך מען דארף דערמיט ווי־סען ווי ארומצוגעהן.... פאראן אָבער נאָך אן איידעלערע זאך פון ווערטער און דאָס איז א הארץ... איך קען אזא וואָס בעזיצט א קראפט צו צו־ציהען הערצער, שפּילען זיך מיט הערצער... זי איז פאר מיר א רעטענים...

ל י ב ע: — ווייטער... רעדט... אָדער... די פרייהייט פון וואָרט שטערט ריידען? — דער אונטערערדישער דרוק האָט געלאָזען טיעפע וואָרצ־לען... א רעטענים... פערגעסט עס!...

ס א ש א: — א זאך וועלכע איז גרינג צו הייסען יענעם...

ל י ב ע: — פיליכט האָט זי אים ניט געקענט ליבען ווי ער איהר, נאָר, ליעב געהאט א מאָל... זיין ליעבע צו איהר....

ס א ש א: — און אזוי ליעב געהאט די ליעבע פון א יעדערען?....

ל י ב ע: — מעגליך... יעדערינס ליעבע בעזיצט א בעזאָנדערען רייץ...

ס א ש א: — און יעדער רייץ — געווינט — בעזאָנדערע ליעבע....

ל י ב ע: — אָדער — דעם פלאטץ, אָפּצוגעבען זכיך מיט אזעלכע פרא־גען האָבען פערנומען — אנדערע שטרעבונגען, אָנשאָונגען, ניי־גונגען, ריכטונגען, שטימונגען וועלכע האָבען געשטויסען צו שטע־רען, שאפען, ברעכען, בויען.... שטופּען בערג...

ס. פ.: — זיך אליין געלייגטע שטיינער אויפ'ן וועג צו אייגענע אינטערעסען....

ר א י ס א: — וועלכע מיינט איהר אייגענע? —

ס. פ.: אייגענע, אייגענע, זיך אליין מיין איך... א מענש דארף לע־בען, דארף ליעבען...

ראיסא: —איך?...

ס. פּ.: — אָ, מיט איך ריידען!.... (אָפּ אין קיך).

סאשא: — גנעענדיגט, אללעס געענדיגט. —

ליבע: — עס איז אזוי שווער, סאשא, פערשטעהט עס...

סאשע: ווי קום איך אייך צו פערשטעהן!... (ליבע אָפּ טרויעריג צום פענסטער).

סאלאמאן (צו סאשא'ן): — אין אזא טומעל וואָלטען מיר בעדארפט בעסער זעהען א זיכערען פּלאטץ וואו צו....

סאשא: — באהאלטען זיך? איך דארף ניט סיידען איהר... אינ־טעליגענטען....

סאלאמאן: — און אז מען זאָל אייך ארעסטירען?

סאשא: — מיך?.. . זאָל מען....

סאלאמאן: — פאר ליבען איז דאָ קיין פלאטץ.

סאשא: — וואָס עפּעס? ביי זיך אין דער היים!.... וועט זי עס דען קענען פערלאָזען?...

סאלאמאן: — זי וועט — מוזען — איך וויים. —

סאשא: — איהר ווייסט.... וואָס ווייסט איהר? איך בעלאנג מיט ליובא'ן צו איין פּארטאי און וויים גאָר ניט... יע... אינטעליגענטען זיינען פּאָרט א בעזונדערע פּארטאי!...

— (ער קוקט אויף ליבען וויל ווי עפּעס זאָגען, האַלט זיך צוריק, פער־לאָזט האַסטיג דעם צימער, א קלאַפּטהוענדיג מיט'ן טיהר.

ליבע (ביים פענסטער, דרייט אויס די קאָפּ צום טיהר): — אוועק פאר וואָס... וואוהין איז ער אוועק... (קוקט צוריק. אין פענסטער, ער־שראָקען: ראיסא!... דאכט זיך — אייער פאָטער —

ראיסא: — ער! — אן אומגליק האָט געמוזט טרעפען! — (לויפט ארויס, אַלע נאָך איהר, הינטערן פענסטער בעוועגען זיך פיגורען, עס הערען זיך שטימען, אַ צופאָרען פון אַ פור. אויפ'ן סצענע לויפט אַרויף ראיסא טהוט זיך אָן. פון קיך קומט אָן ס. פּ.)

ס. פּ.: — גרונען צו געפינען איז ווי א שפּילקע אין א וואָגען היי... זעהט, ווי זיינען דאָס אלע? (צו ראיסא'ן) וואוהין איילט איהר?

ראיסא: — מען איז מיך געגאַנגען זוכען — האָט מען אויפ'ן וועג

איבערגענומען מיט שטיינער — עס הייבט זיך שוין אָן. (לויפט ארויס).

ס. פּ.: — וואו איז ליובאָוו? (לויפט נאָך ראיסא'ן).

(פון קיך קומען אָן גרונע מיט לייזערען).

גרונע: — דו נאָר ניט שלעפּ נאָך קיין פּאַקלאַמאַציעס! —

לייזער: — וועט טאקע זיין א דעמאָנסטראַציע? —

גרונע: — געווים, ראז אז מי'ט בישלאָסען.

לייזער: — שטיי, און ווער'ט אין שטוב אבטונג געבען?

גרונע: — ס'מיינע דאגה'ס! (קוקט ארויס אין פענסטער) זע נאָר, גריגאָרי דער „עס.־ער". איז צו איהר צוהעלאָפען אקוראט ווען שערגיי פּעטראָוויץ וויל איהר רופען אין שטוב אריין.

לזער: — זע, און וואוהן איז דאָס אַנטלאָפען דער פּועל־ציונ'ק, וואוהין?

גרונע: — וואוהין? מסתמא ניט דערלאָזען קיין פּאָגראָמען... ער איז דאָך א גאַנצער גיניראל גובערנאטער בא זיי, בא די סאמאָבאראָנשציקעס... נו געה שוין, איך'ל שפּעטער אונטערגעהן....

(לייזער אָפּ. גרונע קאָמט זי דָגעגען שפּיגעל און זינגט):

„אי מיר'ן קענפין און קענפין ביז וואאאנען —
די גאַנצענע וועלט ט'ניט ווערען באפראאאאיט
די גאַנצענע וועלט ט'ניט ווערען באפראיט!"

ס. פּ. (ארייַנקומענדיג. צו גרונען) — ליובאוו... אראָנאָווגא איז ארוים אָן דעם מאַנטעל (זי כאַפּט דעם מאַנטעל) לייגט עס אוועק, מען דארף זי רופען אהער.

גרונע: וואָסי? ראז אז זי...

ס. פּ.: — ווער איז ער וואָס האָט זי אָפּגערופע, אָן א זייט? —

גרונע: — גריגארי דער עס. ער'אווען. איהר קענט איהם ניט?

ס. פּ.: — רופט זי שוין אריין אין הויז!

גרונע: — וואָסי? מאלע וואָס זיי ריידען, וועל איך געהן רופען!...

(עס קומען אריין אהרון מיט הוה'ן. זעהן אוים פּיעל עלטער. טרייסלען פון זיך די שניי, בעמערקען ניט ס. פּ.)

גרונע: — זעהט, ישוין אזוי גיך צוריק?

חוה: — אַ פיינער קבלת פּנים, דאָרטען האָט מען ניט געוואוסט וואו צו זעצען און דאָ....

אהרון: — דאָרטען? פּשוט קיין אָרט ניט געווען אַ מלאכה פון אנ־דערע צו שלעפּען מיט זיך קינדער! —

חוה: — אין געסט איז גוט און אין דער היים נאָך בעסער... אשר יושבי בתיך — סידי ליחא דאָמאַ (בעמערקט ס. פּ.) זע נאָר, וואָס פאר אַ שטיל קינד, מען הערט עס גאָר ניט, אליין, הא? זי האָט ניט געוואָלט קומען אפילו אויף אַ ווײַלע, אבי ער האָט געזאָגט — „זי וועט קומען מיט אַלעמען“.

גרונע: — און טאקע מיט אַלעמען, מעהר ניט זיי האָבען זאך צו־גאַנגען.

חיה: — וואָס רעדסטו? טאקע? טו וואו איז זי — אודאי בעהאַלטען זיך? ע, פון מיר בעהאַלט מען זיך ניט, איך געפין — (זוכט. גרונע לאַכט).

ס. פּ.: — ערלויבט מיר... איך וועל אייך ערקלעהרען (צו גרונען) איהר געהט...

גרונע: — ארײַנרופען זי? (לויפט צום טיהר).

ס. פּ.: — ניין, געהט — ברײַנגט מיר א — שוועבעלע. (גרונע אָפּ מיט אַ קרים) מען האָט גערעדט דאָס איהר קומט מאָרגען... אלזא — זיא — ריכט זיך ניט צו זעהן אייך היינט... געהט בעסער ארײַן אין א צווייטען צימער, ווען זי וועט ארײַן וועל איך אייך לאָזען וויסען — (נעמענדיג ביי גרונען די שוועבעלע. צו אהרון): — וואָס — זאָגט איהר צו היינטיגען נײַעס?

אהרון: — וועגען גובערנאטאָר? גאָט ווייס וואָס דערפון וועט ארויסקומען און איין פּרט איז ער דוקא געווען נשקשה — פלעגט נעהמען א קערביל.... (צו חוה'ן) זעהסטו, איך האָב געזאָגט — זי וועט קומען.

חוה: — וואָס איז די רייד — ביזט א האַלבער נביא (צו ס. פּ.) צו איהם פּאַסט איצט יענער גלייך וואָרט — פונקט פּאַרקערט: „בע־סער מיט א נאַר צו געפינען, ווי מיט א קלוגען צו פערלירען“...

גרונע: — איך דאַרף ערגעץ אין אַן אָרט אונטערגעהן (אָפּ).

חוה: — אונטערגעהן? נאָך וואָס? פאַרוואָס זאָמט זי זיך אזוי? וואוהין איז זי אוועק — אין אזא ביטערע קעלט — ווי דאָס האַרץ האָט מיר געריסען אהיים — שאַ, זי געהט....

(ס. פּ. ווייזט זיי אויפ׳ן טיהר פון ליבעס ציטער. זיי געהען אריין אונוויליג אָבער געהאָרכזאַם).

ליבע (קומט אריין, נעמט איהר מאַנטעל — ס. פּ. מאַכט זיך זי ניט זעהענדיג, זי טראָגט אַ ווייל, מאַכט אַ פּאָר טריט צו איהם. אויפגערעגט): — סערגיי פּעטראָוויטש, איך מוז שוין אוועקגעהן.

ס. פּ. (מיט פאָרוואורף, הויך): — ליובאָוו אראַנאָוונא!...

חוה (אריינלויפענדיג): — ליבע! —

(ליבע בלייבט ערשטוינט, טרעט אָפּ צוריק).

אהרן (אריינקומענדיג, שטיל צו ס. פּ.): — געקומען פּראָווען ברוגז?

ס. פּ.: — ליובאָוו אראַנאָוונא מוז — וועלען —געהן צו זיך...

אהרן: — און דאָ... דאָ איז זי ניט ביי זיך?...

חוה: — ליבע — האָסט נאָך, ווי איך זעה, אַלץ ניט פערגעסען.... פערגעס וואָס ס׳איז געוועזען אַ מאָל, דער טאַטע האָט חרטה — ווייסט דאָך זיין נאַטור — (וויל זי קושען).

ליבע (אָנהאַלטענדיג זיך אָן אַ טישעל): — ניין, ניין איהר האָט מיך קיינמאָל ניט געקושט — און היינט — יעצט...

אהרן: — „איהר האָט מיך קיינמאָל ניט געקושט"... און אונז האָט מען געקושט... געקושט האָט מען אונז!... ווילסט איך זאָל בייגען פאַר דיר מיין גראָען קאָפּ? שלאָגען זיך אין הארצען על חטא? גוט... זייער גוט מיין טאָכטער, איך קען דאָס דיר צוזאָגען דאָס פון היינט אָן און ווייטער וועסטו פון מיר קיין איין הויך וואָרט ניט הערען, איך וועל שטומען ווי די וואַנד... לאָז דוכטען דאָס דו האָסט אַ שטומען טאַטען — נאָך אביסעל — און ס׳וועט זיין אין גאַנצען אויס טאַטע... אויב ער וועט מיט זיין טויט נישט שטאַרבען וועט מען איהם שוין פאַרטיג מאַכען... העק מיט רובינעס זיינען נאָך דאָ אַ סך... שוין איבערגעלעבט סכנות ווען... די טאָכטער איז געגאַנגען איינגעמען אַ וועלט... דערלעבט אַ.. נחת.

(ער טהוט אַ מאַך מיט׳ן האַנד, בייגט זיך צום אַלמער ספרים, ווי ער זוכט עפּעס. ווײנט שטיל...)

חוה (פערשטעלענדיג ליבען דעם וועג): — וועסט ניט אוועק פון דאַ־נען, סיידין וועסט איבערטרעטען מיין טויטען קערפער — ליבע — נעהם אונז ניט דאָס לעבען... וועסט זיך דאָס קיינמאָל ניט קענען שענקען, וועסט דארפען מחילה בעטען טויטע, בעסער זיי מוחל לעבעדיגע. (אומאַרמענדיג ליבען) ניט געה אוועק, ניט געה.. שוין גענוג געוועזן זייערע... דער גאַנצער וועלט'ס... בלייב דאָ. (וויינט).

ליבע: — מאַמע... מען קען.. קומען... נאָך מיר... אהער....

חוה: געה ניט.. וועסט אריינפאלען צו די חיות צו די מערדער — וואָס וועלען זיי פון די מאַכען?.... (וויינט העכער. — ליבע נעמט חוה'ס קאָפּ מיט ביידע הענד, קוקט איהר טיעף אריין אין די אויגען, כאַפּט זי פּלוצלונג שטאַרק ארום דריקט צו זיך, צוואוויינט זיך).

אהרון אָנגעשפּאַרט אן אלמער ספרים צוואוויינט זיך שטאַרק)

אהרון (דורך טרעהרין): — איך האָב דענסטמאָל געמיינט דיין טובה, נאָר דיין טובה, איין גאָט איז מיין עדות! —

סאלאמאן (לויפט אריין זעהר בלאַס, צו ליבע'ן): — אייער קוואַ־טיר איז בעוואכט פון פּאָליציי... ביי ראיסא אן אָביסק... בין קוים פערלאָפען אהער.... איך... (שטרעקט אויס די האַנד. זי איז פערוואונדעט, כאַפּט זיך שוואַך אָן טיהר).

ליבע: — סאלאמאן!... פערוואונדעט?! ווי איז... סאשא...

סאלאמאן: — ארעסטירט — ביי איך אין צימער — עס איז זיין קווארטיר, זאָגט ער, ער נעמט אלעס אויף זיך... רעטעט זיך..

ס. פּ.: — דורכ'ן הינטער־טיהר אין סאַד, קומט גיכער!

אהרון: — גיכער! (שטופּט אָפּ ס. פּ., כאַפּט ליבע'ס האַנד).

חוה: — רבני של עולם, וואָס איז דאָ?!

ליבע: — א בייזער באנקראָט: — פערלאָרען, אללעס פערלאָרען....
(עס הערען זיך שווערע טריט, אַ קלונג פון שפּאָרען, דער ווינד וואָיעט שרעקליך....)

חוה: — א — — — זיי! (ווילד) ניט לאָזט, ניט לאָזט זיי אַהער!...
(צו אהרון) — פערטרייב זיי, פערטרייב זאָג איך דיר!... (פאלט אין אָנמאַכט, אַהרון מינטערט זיא).

ל י ב ע (פאַלט לעבען זיי אויף די קני. וויינט, אומאַרמט ביידען): — א, ניין, ניין איך וועל אין זייערע הענד ניט אריינפאלען א־־לע־בע־דינע.... איך בלייב דאָ, ביי איך... (עס הערען זיך שטאַרקע קלעפּ אין טיהר) א, שוין דאָ... (זי שטעלט זיך) האַלט זיך אַלע פון וויי־טען... איך עפען! (טהוט האַסטיג אן עפען די טיהר — אין איהר ווייזט זיך אַ זשאַנדאַרמסקער אָפיציר, זי כאַפּט אַרויס דעם רעוואָל־ווער, האַלט געגען טיהר). איין טראָט נעהנטער — שיס איך! איהר דאַרפט מיך? אָט בין איך, יע, איך, איך האָב דערשאָסען דעם גובערנאַטאר איך, א י ך א ל י י ן. נו, ניט מיך איבער צום געריכט — — ארעסטירט, היינגט, מוטשעט!... (זי קערט אויס דעם רעוואָלווער צו זיך, שיסט אויס און פאַלט. אַ שרעקליכער געשריי רייסט זיך ארויס ביי אַלעמען).

פ אָ ר ה א נ ג ש נ ע ל.



M. KARPILOVE

# IN THE STORMY DAYS

DRAMA IN 4 ACTS.

Price 15 Cts.


GRAYZEL, FREGER & CO.
PRINTERS AND LINOTYPERS
65-67 SUFFOLK STREET
NEW YORK

277